# רב שלמה נגיד

א פאעמע פון יודישען לעבען.

פון

שלום אש.

ווילנער פערלאג פון ב. א. קלעצקין.

לזכר נשמת אבי

**רב משה בן צבי נתן**

מיוצאי ביהם.

מיין פאָטער, דעם גאַנצען יוד און דעם גאַנצען מענש; דעם, וואָס זיין לעבען לייכט פאַר מיר, ווי אַ ליכטיגער שטערן אין אַ פערנעפּעלטער נאַכט, וועלכען איך זעה און קאָן איהם נישט דערגרייכען— איהם שענק איך דאָס ווערק. קאָן איך דיר, טאַטע, אין מיין לעבען נישט נאָכטון, וויל איך עס אין מיין חלום.

**שלום אַש.**

# ערשטער קאַפּיטעל.

## אויף שבת אַהיים.

איבער דעם ווייס־בעשטויבטען וועג צום שטעדטיל צו לאָזט זיך אַ פֿעסטע בעל־הבית׳ישע פֿוהר מיט שטאַרקע צווי בולאַנעס. אַ וואָלקען שטויב לייפֿט פֿאָראויס פֿאַר דיער פֿוהר און זאָגט אָן: „דער סוחר פֿאָהרט!“ דער רעש פֿון וואָגען וועקט אויף די קאָרן־זאַנגען פֿון דעם וואַרימען תמוז־שלאָף, זיי סוד׳ן זיך אין דער שטיל און בויגען מיט שרעק אַיין זייערע בעזימלעך צו דר׳ערד פֿאַר דעם סוחר׳ס פֿוהר. אָבער שטאָליץ לאָזט זיי דער וואָגען אין אַ וואָלקען שטויב הינטער זיך און פֿערנעמט זיך אין געדיכטען וואַלד אַריין, וואָס לאָזט זיך טאָל אַראָב. עס קומט צו לויפֿען דער רעש פֿון דעם וואָגען אין געדיכטען וואַלד אַריין, און אַ שרעק לויפֿט צווישען די בוימער אַדורך. זיי ברומען און שאָקלען זייערע בלעטער און נויגען זייערע צווייגען מיט כבוד פֿאַר דעם סוחר׳ס פֿוהר, וואָס פֿאָהרט פֿאַרביי. נאָר הינטער זיך לאָזט זיי די פֿוהר אין דעם וואָלקען שטויב. עס קנאַקט די בייטש, און עס הירזשען די ווייסע בעשטויבטע פֿערד און לאָזען זיך ווייטער אין וועג אַריין.

ווער איז דאָס, וואָס פֿאָהרט פֿאַרביי? פֿאַר וועמען נויגען זיך עס די בוימער אין וואַלד, די זאַנגען אין פֿעלד? עס איז דער סוחר רב שלמה נגיד, וואָס פֿאָהרט אויף שבת אַהיים. פֿאַר איהם שרעקען זיך עס די בוימער אין וואַלד און די זאַנגען אין פֿעלד. אָבגעקויפֿט האָט ער זיי, די שטר־מכירות אין זיין בוזעם־טאַש. פֿאַר איהם וואַקסט דער וואַלד, רייפֿט די זאַנג. ער וועט זיי וואַקסען לאָזען, ווי לאַנג ער וועט וועלען, שניידען לאָזען, ווען ער וועט וועלען.

נאָר אומזיסט שרעקען זיך פֿעלד און וואַלד פֿאַר רב שלמה׳ן.

נישט האַנדלען פֿאָהרט איצט אַ יוד, נישט שניידען לאָזען די רייפֿע זאַנגען, ניט האַקען דעם אויסגעוואַקסענעם וואַלד. עס איז פֿרייטאָג. און כאָטש הויך שטעהט נאָך די זון אין הימעל פֿאַר דער מיטאָג־שעה, נאָר אויסגעטאָן איז שוין דער יוד פֿון געשעפֿטען. אַ צוואה פֿון טאַטען דעם זוהן — פֿרייטאָג קיין געשעפֿטען נישט צו מאַכען. פֿאָהרט ער פֿון אַ גאַנצער וואָך האַנדלען און וואַנדלען אויף שבת אַהיים. אָנגעשטאָפּט איז דער בוזעם־בייטעל מיט שטר־מכירות. אַ האַלבע מדינה פֿעלדער און וועלדער, האָלץ אויפֿ׳ן וואַסער, וואָל אויף די שעפּסען אָבגעקויפֿט. און מיט אַ האַרץ פֿול בטחון אויפֿ׳ן רבונו של עולם האָט ער געענדיגט זיינע וואָכעדיגע עסקים און איז אינגאַנצען שוין אָבגעגעבען דעם שבת.

דער שבת איז ביי רב שלמה׳ן אַ לאַנגער — „וואָס מעהר פֿון דער וואָך צוציהען צום שבת" האָט עס געהייסען אין דער משפחה. איז דער פֿרייטאָג אויך שבת געווען. אין דאָרף האָט מען זיך אָבגעשטעלט. די פֿויערטעס האָבען געוואוסט, אַז רב שלמה פֿאָהרט אַהיים אויף שבת, האָבען זיי אָנגעהויבען פֿון די הייזער אַרויסצושלעפּען וועך וואָס האָט נאָר געהאַט — אַ פֿעטע הון, אַ מענדעל אייער. און כאָטש אין דער־היים גרייט מען שוין אָן דעם שבת פֿון דאָנערשטאָג אָן, האָט דאָך רב שלמה מיטגעקויפֿט — טאָמער וועט אויספֿעהלען. גויִים פֿישער זענען נאָך דער פֿוהר געלאָפֿען מיט זעקלעך לעבעדיגע פֿיש, ערשט פֿון וואַסער געפֿאַנגען. נישט געדונגען זיך, געוואָרפֿען אין וואָגען אַריין און ווייטער געפֿאָהרען. אַרויסגעקומען פֿון דאָרף, האָט מען אָנגעטראָפֿען די ערשטע אורחים ציהען אין שטעדטיל אַריין אויף שבת. רב שלמה׳ס שבת האָט געהאַט אַ שם אין דער סביבה, און די אורחים פֿון דער געגענד אַרום האָבען אָנגעצויגען אויף שבת אין שטעדטיל אַריין. „זרח, שטעה! — שרייט רב שלמה צום שמייסער — קומט אַרויף, רב יוד, אויף דער פֿוהר". און אַלע די, וואָס ער האָט זיי אויף דעם וועג אָנגעטראָפֿען, זענען שוין געווען זיינע אורחים. אַזוי קומט מען אין שטעדטיל אַריין: אַ פֿולע פֿוהר אָנגעהאַנגען מיט אורחים, אַ פֿולע פֿוהר אָנגעלאָדען מיט עסענוואַרג אויף שבת אַהיים.

די פֿוהר קלאַפּט שוין איבער דעם שטעדטילשען ברוק. עס גריסען די ערשטע בעלי־בתּים אויף די שוועלען פֿון זייערע געוועלבלעך, רב חיים קאַשעמאַכער און דוד שמיד. דאָס געסיל קוקט נאָך — „אַ יוד דערלעבט צו אַזאַ גדולה אָהן עין הרע, אַ פֿולע פֿוהר אורחים“! נאָר רב שלמה'ן איז מען ניט מקנא. דאָס האַרץ קוועלט נור פֿאַר נחת. „אַ שאָדה נעביך, וואָס זיין ווייב נעכע איז געשטאָרבען אין קימפּעט. אַ צדקנית געווען. איהר צדקה געבען האָט דאָך געהאַט אַ שם“. פֿון דעם נייעם ווייבעל, וואָס ער האָט געבראַכט אין שטעדטיל אַריין, רעדט מען נישט קיין גוטס. „זי וויל פֿיהרען רייך“ — רעדט מען אויף די שוועלען פֿון די געוועלבלעך, נאָכקוקענדיג רב שלמה'ס וואָגען.

דערווייל איז מען אַהיים געקומען. ברייט עפֿענט זיך אויף די טיר פֿון הויף, און אַ שווערען קרעכץ גיט אָב די פֿוהר. די קינדער — פֿערשיידען־יעהריגע יונגלעך און מיידלעך — לויפֿען אַנטקעגען, כאַפּען זיך אויף דער פֿוהר אַרויף, העַנגען זיך אָן וואָגען אָן. פֿון די אָפֿענע פֿענסטער פֿון קיך טראָגט זיך דער ריח פֿון די פֿריש־קאָכעדיגע פֿיש, פֿון מערען־צימעס, פֿון שבּת־מאַכען. עס וואַרפֿט אַראָב פֿון זיך רב שלמה זיין גרויען בעשטויבטען מאַנטעל, פֿיהרט אַדורך די פֿינגער דורך זיין פֿערשטויבטער באָרד, און עס בלישטשען אַפֿויר די שוואַרצע גלאַנצענדיגע אויגען פֿון אונטער די שוואַרצע ברעמען. עס שפּריצט מיט שטאַרקייט פֿון איהם, און די שוואַרצע האָר פֿון באָרד זיצען געדיכט און פֿעסט אין די וואָרצלען. עס שפּרינגט פֿון וואָגען אַראָב דער ברייט־ביינינגער, פֿערציגיעהריגער יוד, ווי אַ יונגעל, און רופֿט אין קיך אַריין: „שפּרינצע, חנה, דבורה“.... עס ווייזען זיך די דינסטען מיט די רויט־צעקאָכטע געזיכטער, עס פֿלאַמט זיי דאָס פּנים פֿון קאָכען ביי דער קיך. זיי שטרעקען אויס זייערע נאַקעטע הענד, און דער יונג זרח הויבט אָן פֿון וואָגען אַראָבצודערלאַנגען די זעקלעך פֿיש און די הינער.

דאָס ווייבעל אָבער ווייזט זיך נישט אין פֿענסטער פֿון קיך. עס הערט זיך נישט דאָס ברייטע פֿרייטאָגדיגע לאַכען פֿון זיין ווייב נעכע, עליה השלום, ווען ער איז פֿון וועג אַהיים געקומען. רב שלמה פֿערשטעהט, אַז דאָס ווייבעל איז ביז. קומט ער אין קיך אַריין. חנה'לע שטעהט ביי דעם ברייטען מעש־בעלעגטען קיך־

טיש און מאַכט דעם קוגעל. איהרע שוואַרצע ברעמען און די שוואַרצע הערלעך פון די אויגען לעגען זיך איבער דעם שוואַרץ־אַפּעל. אַ מינוט וואַרט ער. דאָס ווייבעל הויבט נישט אויף איהר בליק פון טעלער, שטעהט רוהיג און לאָזט זיך בעטראַכטען פון איהם. ער פערשטעהט, וואָס זי איז בייז, — איבער די אורחים. אַ יונג ווייבעל נאָך דער חתונה, וויל זי נישט האָבען צו טון מיט אַזאַ גרויס בעל־הבית׳ישקייט. און, ניט ווי׳לענדיג, דערמאָנט ער זיך ווידער אָן נעכטען — ווי זי האָט זיך געפרעהט, ווען ער איז אַהיים געקומען פון וועג, און די פוהר איז בעלאָדען געוועזן מיט אורחים. „וואָס מעהר אורחים, אַלץ פרעהליכער דער שבת" — פלעגט זי זאָגען. און אַ קרעכץ רייסט זיך אַרויס פון זיין האַרץ. חנה׳לע פערשטעהט דעם קרעכץ, און טיפער רוקען זיך אַראָב די ברעמען איבער איהרע אויגען. דער שענער הויכער שטערן קנייטשט זיך, און אויף די הערלעך פון אויג בלישטשעט עפּים. ער קוקט אויף איהר, זעהט איהר פולע פיגור, דערמאָנט זיך אָן ברית, וואָס שטעהט פאַר אם ירצה השם, און קריגט גרויס רחמנות אויף איהר. „די טויטע זענען טויט — זאָגט ער זיך — און זי איז דאָך אַ כשר ווייבעל, איז נאַר נישט געוועהנט צו אַזאַ בעל־הבית׳יש־קייט". ער געהט אַ טריט נעהנטער צו איהר און זאָגט מיט אַ ווייכער שטים, מיט אַ שמייכעל אין זיין שענער שוואַרצער באָרד אַריין:

— חנה׳לע, דו זעהסט מיך נישט? איך בין דאָך געקומען צו פאָהרען.

אַ מינוט קוקט זיך חנה׳לע אום, אויב קיינער איז אין קיך נישטאָ. די מוידען זענען ביי דער פוהר, און זי זאָגט מיט אַ טיפער וואַרימער שטים, פון וועלכער עס קוועלט ליעבע:

— איך קאָן דאָך דיר נישט אַנטקעגען לויפען, שלמה!

אין די ווערטער פיהלט ער, אַז זי האָט נאָך מורא פאַר איהם. שוין אַ פאָר חדשים נאָך דער חתונה מיט איהר, דאָס קינד טראָגט זי שוין פון איהם, און זי איז נאָך דאָס אַכטצעהן־יעהריגע מיידעל פון דער־היים און איז נאָך נישט געוועהנט צו איהם, האָט נאָך מורא פאַר איהם. דאָס טוט איהם גלייכצייטיג הנאה

און עס ריהרט איהם, און ער קריגט זי ליעב דערפאַר. נעמט ער זי אָן ביי דער האַנד און זאָגט:

— חנה'לע, קום אַריין אין דער צווייטער שטוב, איך האָב דיר עפּיס צו זאָגען!

שטיל, מיט אַן אַראָבגעבויגענעם קאָפּ געהט איהם נאָך דאָס ווייבעל אין זייער שלאָף־שטוב אַריין. ער נעמט אַרויס פון קעשענע אַ שאַכטעלע און גיט עס איהר איבער.

— איך האָב דיר דאָס מיטגעבראַכט.

זי האַלט דאָס שאַכטעלע אין האַנד און טרויט זיך ניט עס צו עפענען.

ער עפענט עס אויף אין איהר האַנד און נעמט אַרויס אַ גאָלדענע קאָליע מיט אַ בראָש.

— עס האָט זיך מיר געטראָפען אַ מציאה.

און ער גיט צו:

— עס איז דערפאַר, כדי די זאָלסט ליעב האָבען אורחים. אורחים דאַרף מען ליעב האָבען און דאַנקען דעם רבונו של עולם, וואָס ער האָט דיר געהאָלפען, אַז די קאָנסט אורחים אַהיים ברענגען. — דערביי גיט ער זי אַ גלעט איבער דעם שייטעל.

— איך האָב דען נישט ליעב קיין אורחים? הלואי זאָל אונז דער רבונו של עולם אַזוי פיעל העלפען, וויפיעל מיר זאָלען קאָנען, — האַקט זיך אָב אין מיטען און בלייבט שטעהן פערשעמט און דערוועגט זיך נישט איהם צו קוקען אין די אויגען אַריין איבער דעם וואָרט „אונז" — וואָרום זי איז נאָך ניט געוועהנט געווען צו איהם.

ער האָט זי דערפאַר נאָך מעהר ליעבער געקראָגען.

און באַלד האָט שוין אין הויף אַ קעסעל מיט קאַרטאָפעל איבער אַ פייער געקאָכט, אַ פריטאָגדיג מיטאָג פאַר די אורחים. די יונגען האָבען שעניקעס שמרוי אָנגעשטאָפּט אויף נאַכט־לעגערס אין די שטעלער צו מאַכען, און די דינסט־מוידען האָבען די פרישע פיש געשאָבען, אַז די שופּען זענען געשפּרונגען, געשפּריצט איבער זייערע צעהיצטע פּנימ'ער. און אַז מען האָט די

פיש אין די ראָנדלעס געקאָכט, זענען נאָך די אָבגעשניטענע קעפּ פיש פון ראָנדעל געשפּרונגען. אַזוי פריש זענען זיי געווען.

---

רב שלמה איז געזעסען אין עס־צימער און האָט זיין פריי־טאָגדיג מיטאָג געגעסען. נישט רייך איז געווען דאָס מיטאָג. מען דאַרף דאָך אַפּעטיט האָבען צו דער נאַכט־סעודה. אַ פרישער קאָפּ פיש און די פריש־געבאַקענע חלה פערשמעקט די שטוב. די שטוב איז שוין צוגערוימט צום שבת. די פּאָדלאָגע געוואַשען, מיט זאַמד אויסגעשיט. די קופּערנע הענג־לייכטער בלישטשען אויף די ווענד; אויפ'ן קאָמאָד שטעהען שוין אויסגעשטעלט די פיר פּאָר זילבערנע לייכטער, אָנגעשטעקט מיט ליכט — צוגעגרייט צו ליכט־צינדען. דאָס ווייבעל זיצט נעבען איהם. אין דער שטיל פרעגט רב שלמה ביי איהר, צי זי האָט נישט קיין עגמת־נפש פון די שטיף־קינדער? פערשעמט ווערט זי און ענטפערט: זי האָט זיך, חלילה, נישט צו קלאָגען — די קינדער ליעבען זי, און דער געשטאָרבענערס קינדער זענען ביי איהר, ווי איהרע אייגענע. אויף דעם טיש ליגט אַרויסגעוואָרפען דאָס געלד, וואָס דער סוחר האָט פון וועג אַהיים געבראַכט. עס לעגט דאָס ווייבעל דאָס פּאַפּיר־געלד צו פּאַפּיר־געלד, און באַלד ווערט די שטוב פרעהליך. עס קומען אַהיים צו לויפען די יונגלעך פון חדר מיט די חומשים אונטער די אָרעמס. אויף די ליפען ליגט נאָך דער נגון פון מהפך פשטא, פון דעם מעביר־סדרה זיין. זיי גיבען דעם טאַטען שלום־עליכם אָב, קושען די האַנד און שרייען „עסען".

פון דער אויבערשטער שטוב קומט אַראָב דער איידעם, דער עלטסטער טאָכטערס מאַן, וואָס זיצט ביים שווער אויף קעסט. דער יונגער־מאַן גיט דעם שווער „שלום עליכם" און דרעהט זיך איבער דער שטוב אַרויף און אַראָב אין זיין זיידענער קאַפּאָטקעלע, וואָס ער טראָגט אין דערהיים (ער לערנט אויף אַ רב צו זיין!). די טאָכטער, שרה'לע, איז אַ ביסעל ברוגז אויפ'ן פאָטער, וואָס ער האָט אַזוי פריה, באַלד נאָך דער מוטערס טויט חתונה געהאַט. אָבער מיט דער שטיף־מאַמע איז זי גאָר קניפּעל בקניפּעל. כאָטש זי פערנעמט די שטעל פון דער מאַמע, עליה השלום, דאָך איז זי אויך אַ יונג ווייבעל ערשט נאָך דער חתונה,

האָבּען זיך די בּיידע ווייבּלעך בּאַלד בּעפריינדעט, זיצען צוזאַמען,
און חנה׳לע איז נעהנטער צו דער שטיף־טאָכטער, ווי צום מאַן.

עס קומט אַהיים עוזר׳ל פון בּית־המדרש. דאָס איז דער
עלטסטער זוהן און דער חתן־בּחור, אויסגעפּוצט מיט דעם גאָל־
דענעם זייגער, וואָס ער האָט פון דער כּלה אַ מתּנה געקראָגען.
ער גיט אויך דעם טאַטען „שלום־עליכם“ און זעצט זיך בּרוגז׳דיג
אַוועק אין אַ ווינקעל. ער איז אַ משׂכּיל שוין, לייענט די נייע
לשון־קודש׳דיגע בּיכלעך און שפּראַכען קען ער (רב שלמה שטערט
איהם נישט). דער בּכור און דער רייכער חתן־בּחור, נאָהנט פאַר
דער חתונה, — איז ער דער ערשטער אין דערהיים און האַלט
זיך פון דערווייטענס פון אַלע. נאָר רב שלמה׳ס נחת איז חיימ׳ל,
דאָס פערצעהן־יעהריגע יונגעל, וואָס קומט איצט אַריין מיט די
געקרייזטע פּאה׳לעך, מיט׳ן גאָלדענעם זייגערל, וואָס ער האָט
פון טאַטען צו בּר מצוה געקראָגען. דער עלוי אין שטעדטיל —
עס קלינגט זיין גוט קעפּיל אין דער וועלט, און דער רב אַליין
לערנט מיט איהם אַ בּעזונדערן שיעור. דער אור התּורה ווערט זיך
ווידער פון איהם אין דער משפּחה אָנהויבּען. שדכנים שלאָגען שוין
רב שלמה׳ס טירען אָב — אַ שידוך פאַר איהם. נור אַ היינטוועלטי־
גער איז רב שלמה, וויל ער נישט: עס איז נאָך צו פריה. דאָס
יונגעל ווייסט, אַז ער איז דער ליעבּלינג פון טאַטען און געהט
צום פאָטער צו מיט אַ גאַנץ אַנדער דרייסטיגקייט, ווי אַלע אַנ־
דערע קינדער. דער טאַטע גיט איהם אַ קניפּ אין בּעקיל אַריין און
פרעגט איהם עפּיס אין לערנען. אַזוי האָט זיך די גאַנצע משפּחה
צוזאַמענגעקליבּען דעם טאַטען מקבּל פּנים צו זיין. אַלע זיצען
אין די ווינקעלעך און קוקען אויפ׳ן פאָטער מיט געטרייער ליעבּ־
שאַפט, און קיינער דערוועגט זיך נישט קיין וואָרט אויסצורעדען
אין רב שלמה׳ס געגענוואַרט.

אָבּגעגעסען, אָבּגעבּענשט, רופט ער די חדר־יונגלעך אַריין,
אַיידיקלען און גדליה׳ן, צעהן, עלף־יעהריגע יונגלעך, וואָס זעהען
אויס ווי אַ צווילינג (קינדער האָט ר׳ שלמה געהאַט פון יעדער
עלטער, יעדעס יאָהר האָט געבּראַכט זיין פרוכט). רב שלמה נעמט
אַראָבּ פון דעם געלד, וואָס ליגט אויפ׳ן טיש, וויקעלט אין פּאַ־

פּירלעך אַיין און שיקט זיי איבער דער שטאָדט: דעם רבֿ אַ פּאַפּירל, דעם דיין רבֿ לייבוש, דעם שוחט, דעם חזן און גלאַט אַזוי אַ שענעם יוד רבֿ יצחק אליה׳ס. נאָר דאָס פּאַפּיר־געלד לעגט מען אין דער שאַנק אַריין, דאָס קליין־געלד אָבער איז ביי רבֿ שלמה׳ן אַ חזקה פֿרייטאָג צו צעטיילען אָרימע־לייט. אָנגעפּילט די קעשענעס מיט קליין־געלד, געהט רבֿ שלמה אין געסיל אַרויס. אין געסיל רעדט ער מיט קיינעם נישט. ער שטעלט זיך אין ערגיץ ניט אָב, כּדי אַ נצרך זאָל זיך נישט שעמען צו איהם צוצוגעהן, און ער בעט אין האַרצען דעם רבּונו של עולם, ער זאָל איהם צושיקען יודען נצרכים, וואָס דאַרפֿען אויף שבת. עס ווייסט שוין דאָס געסיל, צו וואָס רבֿ שלמה געהט דאָ, און קיינער וויל איהם ניט שטערען אין זיין גאַנג. מיידט מען איהם אויס דעם וועג. ער פֿערקריכט אין די קרומע געסלעך, און יעדעס מאָל קומט אַן אַנדערער יוד צו צו איהם, רופֿט איהם אין אַ ווינקעל אַריין און הוימט איהם אַ סוד אַריין... רבֿ שלמה געהט אין אייניגע שטיבער אַריין צו קראַנקע יודען. קיינער ווייסט נישט פֿון זייער נויט, נאָר ער אַליין — דאָס איז ביי איהם „צדקה בסתר“, און פֿאַר דער גרעסטער מצוה האַלט ער עס.

אויסגעליידיגט די קעשענעס, קעהרט זיך רבֿ שלמה אום אַהיים מיט אַ האַרץ פֿול נחת און דאַנקט דעם רבּונו של עולם, וואָס ער האָט איהם אויסגעקליבען פֿאַר זיין קאַסיר, און אַז נישט ער זאָל, חלילה, דאַרפֿען צו אַן אַנדערן אָנקומען. וואָרום דאָס גאַנצע פֿערמעגען זיינס, האַלט רבֿ שלמה, איז איהם פֿון גאָט איבערגעגעבען נאָר, כּדי ער זאָל דערמיט גוטס טון. ער איז גאָטס נאמן — זאָגט ער זיך — און ווען ער וועט, חלילה, נישט גוט פֿיהרען, וועט גאָט פֿון איהם דאָס פֿערמעגען אָבנעמען און אַן אַנדערן פֿאַר זיין נאמן מאַכען. טראַכטענדיג זיך אַזוי, קומט ער צוריק מיט אינערליכער צופֿרידענקייט אין שטוב אַריין. אין דער קיך הערט ער שוין דאָס קוויטשען פֿון די קינדער, ווי זיי שרייען ביים וואַשען די קעפּלעך אויף שבת. און ליעב האָט רבֿ שלמה די קינדער זיינע, געהט ער אין דער קינדער־שטוב אַריין. ביי פֿיר וואַש־שיסלען שטעהען די דינסט־מוידען און וואַשען די קעפּ פֿון די קינדער אויף שבת. חנה׳לע שטעהט ביים קאָמאָד און נעמט

אַרויס וועש. עס שרייען די יונגען פון הינטער די שיסלען אַרויס, זיי רייסען די אָבגעצוואָגענע קעפּעלעך פון אונטער דעם קאַם אַפּיר. טייל זענען שוין אָבגעצוואָגענע, אויסגעקעמטע, שטעהען זיי האַלב-נאַקעט און ווילען נישט קריכען אין די פרישע העמדלעך אַריין. אַ צופריהדענער שמייכעל ווייזט זיך אויף רב שלמה'ס ליפּען. די קינדער דערזעהען דעם פּאָטער און שטילען זיך באַלד איין. ער פּאַטשט אַ קינד איבער דעם נאַקעטען לייב און גערט אַ צופריהדענער פון דער קינדער-שטוב אַרויס. דאָס ווייבעל ברענגט איהם באַלד פרישע וועש אַריין, גרייט איהם אָן צום וואַשען, נעמט די שבת'דיגע מלבושים אַרויס, און רב שלמה הויבט זיך אָן אַליין צוצוגרייטען צום שבת.

---

אין עס-שטוב איז שוין אַלץ צוגעגרייט צום שבת. דער לאַנגער טיש איז אויסגעצויגען, די ווייסע שבת-צוועל און די פיר פּאָר זילבערנע לייכטער אויפ'ן טיש. פיעל ליכט איז ביי ר' שלמה'ן צום שבת געווען — „וואָס מעהר ליכט, אַלץ מעהר פרנסה" — און די חלות צוגעדעקט מיט דעם נייעם חלה-צוועלעכיל, וואָס חנה'לע האָט געמאַכט כלה-ווייז. דאָס אַלטע חלה-צוועלעכיל, נעבעם עליה השלום — האָט רב שלמה בעהאַלטען, און קיינמאָל ווערט עס נישט בענוצט, כדי עס זאָל נישט דעם יונגען ווייבעל קיין צער אָנטון... אויסגעלעגט פאַר יעדען קינד זיין זילבערן פּאָר גאָפּעל-מעסער. געווען איז ביי רב שלמה'ן טאָפּעלט געפּעס: צינענס אויף אין דער וואָכען, זילבערנס אויף שבת — אַזוי איז עס נאָך פון נעכעס צייטען אָן (אַ גרויסע בעל-הבית'טע געווען!).

צונויפגעזאַמעלט האָט זיך אין עס-שטוב דאָס גאַנצע הויזגעזינד. די יונגלעך אָבגעוואַשען, אויסגעקעמט, אין די נייע שבת'דיגע קאַפּאָטקעלעך אָנגעטאָן, די מיידלעך מיט קורצע צעפּלעך פערפלאָכטען, אין נייע קאַרטונענע קליידלעך אָנגעטאָן. פון אויבען קומט אַראָב דער איידעם — אין דער אַטלעסענער קאַפּאָטע, אין דעם שטריימעל. אַ מתנגד איז רב שלמה, אין דעם פּשוט'ן בית-המדרש דאַווענט ער, און זיין איידעם, כאָטש אַ חסיד, דאַווענט אינאיינעם מיט'ן שוועהר אין בית-המדרש. עס קומט אַריין פון

זיין צימער דער חתן=בחור, אין דער שענער עלעגאַנטער קאַפּאָטע, אַרויסגעוויזען האָט ביי דער קאַפּאָטע יחזקאל דער הויז=שניידער אַלע זיינע קינצען. וואָרום דאָס בחור'ל האָט זיך ליעב געהאַט צו פּוצען, ווי אַ מיידעל. אַ מינוט האָט רב שלמה אַרומגענומען זיין גאַנץ הויזגעזינד מיט זיין בליק, אַ שמייכעל אין דער באָרד געגעבען, אַ הנאה געהאַט. די יונגלעך האָבען די סדורים אין די הענד גענומען און געגאַנגען אין בית=המדרש אַריין דאַווענען. און ווער עס האָט אין געסיל געזעהן, ווי רב שלמה געהט מיט דעם איידעם און די קינדער, אויסגעפּוצטע, געוואַשענע, און די אורחים הינטער איהם, אין בית=המדרש אַריין — האָט איהם יעדער אין האַרץ געבענשט, הנאה געהאַט און גליקליך געווען.

אַז די מאַנספּערשוינען זענען אַוועק, איז חנה'לע געבליבען אַליין מיט די צוויי קליינע יתומה'לעך פון זעקס, זיבען יאָהר ביים טיש זיצען. די עלטערע טאָכטער איז צו זיך אין שטוב געגאַנגען, די שבת=ליכט אָנצינדען. חנה'לע האָט זיך צום ליכט=צינדען אָנגעטאָן איהר נייע שבת'דיגע הויב מיט דעם צירונג בעפּוצט, און דאָס שבת'דיגע זיידענע קאַפּאָטענדיל, אין וועלכען זי איז צו דער חופּה געגאַנגען, בעהאָפטען מיט די טייערע זיידענע שפּיצען, וואָס דער מאַן האָט איהר פון לייפּציגער יריד געבראַכט. די פּעריל האָט זי נישט געוואָלט אָנטון — עס איז געווען פון פריהערדיגען וויב, האָט זי נישט געוואָלט די קינדער קיין פערדראָס אָנטון. אָבער געפעלען האָט זי געוואָלט היינט דעם מאַן. האָט זי זיך מיט דער נייער בראָש און גאָלדענער קייט אויסגעפּוצט. שטעהט זיך ביי דעם שבת'דיג געדעקטען טיש, ווי אַ יונגע יודישע פּרינצעסין, צינדט די ליכט אָן און הויבט אויף איהרע איידעלע ווייסע הענד, וועלכע זענען ווי שענע איידעלע פרוכטען אויסגעוואַקסען, און פערשטעלט זיך מיט זיי איהר געזיכט. די תחינה ליגט פאַר איהר, נאָר קיין וואָרט זאָגט זי נישט. הייסע, שטילע טרערען רינען איהר איבער דעם פּנים. צו וויינען האָט זי פיעל. נישט, חלילה, איבער איהר מזל, וואָס זי האָט געמוזט מיט אַן אַלמן חתונה האָבען. זי האָט דעם מאַן גאַנץ ליעב. פון אַ שען יודיש הויז קומט זי אַרויס. אין דער-

היים בײַם טאַטעשי האָט מען זיך געפֿירט פֿײַן=מענשליך. אָבער
אָרים איז ער געווען, און איינציגע דערוואַקסענע טעכֿטער אין שטוב.
תּשעה באבֿ איז אין דערהיים געווען, ווען זי איז פֿאַר דעם אַלמן
אַ כּלה געוואָרען. אין שטאָדט האָט געקאָכֿט: „רבֿ שמואל גראָם=
גליק'ס טאָכֿטער נעמט אַן אַלמן מיט זיבען קינדער. וועה, צו וואָס
מען האָט דערלעבט!“ געוואוסט האָט זי, אַז אין דערהיים איז
שלעכֿט. דאָס שניט=געשעפֿט, וואָס איז איבערגעגאַנגען פֿון פֿאָ=
טער צום זוהן און איז אַזוי אַלט געווען, ווי די שטאָדט איז
אַלט — איז געוואָרען פֿערמאַכֿט. דער פֿאָטער האָט באַנקראָטירט.
און כֿאָטש זי איז קוים נײַנצעהן יאָהר אַלט געווען — אָבער
די עלטסטע אין שטוב. און דער חתן איז רײַך — רבֿ שלמה נגיד
פֿון שערעץ. דעם טאַטען האָט ער געעפֿענט צוריק דאָס געשעפֿט,
אין דער שטיל אויך אויף אויסשטייער און חתונה=הוצאות גע=
געבען און נאָך אויף חתן=מתנות פֿאַר זיך אונטערגעשטעקט. צו
בעדויערן האָט זי איהר מזל נישט. די שטיף=קינדער בעהאַנד=
לען זי גוט. איידעלע קינדער, אונטער אַ מוטערס געטרייער האַנד,
אונטער דעם פֿאָטערס שטרענגען בליק אויפֿגעצויגען געוואָרען,
האָבען זיי זיך באַלד צו איהר צוגעוועהנט. די יונגערע קינדער
האָבען זי ליעב דאָס לעבען. די יונגלעך נאָך אַ ביסעלע פֿרעמד,
זיי טרויערן אין דער שטיל נאָך דער מוטער און האָבען ניט
ליעב צו זעהן, אַז דער פֿאָטער איז צו איהר גוט. דערפֿאַר מיידט
זי אויס אין די קינדערס געגענוואַרט צו רעדען מיט'ן מאַן ליעבע
רייד. מיט דער עלטסטער טאָכֿטער לעבט זי גוט, איז זיך מיט
איהר מישבֿ אין שטיבינע זאַכֿען און טיילט מיט איהר די מו=
טערליכֿקייט צו די יונגערע קינדער. נאָר פֿאַר דעם מאַן איז זי
פֿרעמד. זי האָט איהם ליעב פֿון דער ערשטער מינוט אָן, ווי זי
האָט איהם געזעהן: אַזאַ שטאַרקער און אַ זיכֿערער; מען קאָן
זיך אויף איהם אַזוי פֿערלאָזען! און ווען מען האָט זי צו דער
חופּה געפֿיהרט און דערנאָך זיי געלאָזט אַליין, איז ער צוגע=
גאַנגען צו איהר און האָט גערעדט צו איהר. איהר האַרץ האָט
אַזוי געקלאַפּט אין דער שטיל, געציטערט האָט זי אין זיינע
אָרעמס. ליעב האָט זי איהם, און מורא האָט זי פֿאַר איהם, און
ווייס נישט, צי זי טוט גוט. זי וויל איהם געפֿעלען, נאָר אַליך,

וואָס זי טוט, קומט אַרויס קאַפּויר. זי קען איהם נאָך נישט און ווייסט נישט, וואָס עס געפעלט איהם. זי ווייסט נישט, ווי אַזוי יענע איז געווען. נור אַזוי טון, ווי יענע, וויל זי נישט — זי וויל זיך אַליין פיהרען, אויף איהר שטייגער. נור איהר דוכט זיך, אַז ער שטעקט נאָך אין יענערס אָרעמס, און זי וויל איהם צונעמען צו זיך. אָ, זי וואָלט איהם שוין געפעלען, ווען זיי וואָלטען נאָר געווען אַליין. ווען זי וואָלט געהאַט מיט איהם איין היים, איין שטיבעל, כאָטש אַ קליין שטיבעל, נאָר אַליין. די קינדער רייסען איהם אַוועק, מאַכען איהם פרעמד, שליסען איהם אין די אָרעמס פון דער טויטער.... און זי וויינט דערויף, וואָס איהר איז נישט בעשערט צו האָבען דעם מאַן אַליין, ווי יעדעס אָרים מיידעל האָט. נור באַלד דערמאָנט זי זיך אָן די קליינע קינדער, אָן די מיידלעך, וואָס זיצען ביים טיש, אָן די יתומות. וואָס זענען זיי דען שולדיג, אַז זייער מוטער איז טויט?

און די קינדער זענען שוין צו איהר צוגעגאַנגען. זיי האָבען געזעהן, די „מומע" וויינט — האָבען זיי אָנגעהויבען זי צו רייסען ביים קלייד און אַוועקנעמען די הענד פון געזיכט. „מומע, וויין נישט", — האָבען זיך די קינדער געבעטען. זי האָט זיי געקושט און צוגעדריקט וואַרים צו איהר האַרץ, אויסגעווישט זיך די טרערען און עפּיס אַן אינערליך צופרידענקייט, אַ פרייד האָט זי געפיהלט דערויף, וואָס זי האָט אַזאַ שטאַרקען מאַן און אַ בכבוד'ן מענש, דעם שענסטען יוד פון שטאָדט, און זי איז שטאָלץ געווען אויף איהר גליק, און אַלץ ליעב געקראָגען — אַלץ, וואָס קומט פון איהם און וואָס געפינט זיך אין זיין שטוב: אַפילו די פרעמדע זאַכען, וואָס זענען איהר ביז איצט פרעמד געווען: די זילבערנע לייכטער, די שענק, די זשיראַנדאָלען, דאָס זילבערן געפעס — וואָס איז איהר ביז איצט פרעמד און ווייט געווען, ווייל ניט זי האָט איינגעשאַפט דאָס בעל־הבתישקייט, איז איהר מיט אַמאָל ליעב געוואָרען: א י ה ר ס איז עס, און זי האָט זיך דערפיהלט די בעל־הבית'טע פון דער שטוב.

---

זי האָט געוואָלט דעם מאַן געפעלען. זי האָט זיך אין שטוב אַרומגעקוקט, צי איז אַלץ אַזוי צוגעגרייט, ווי ער האָט עס ליעב.

זי האָט בעמערקט דעם צוגעשטעלטען טיש פֿאַר די אורחים מיט די וואָכעדיגע מעשענע לעפֿעל און מעשענע לייכטער און מיט די ברענענדיגע ליכט אין זיי. אין געוועהנט איז זי געווען פֿון דערהיים אויס, אַז אַלץ זאָל זיין שען, יעדע זאַך אויף איהר אָרט, און עס האָט איהר געשטערט אָט דאָס וואָכעדיגע, וואָס רייסט זיך אַריין אין איהר שבת אַריין. זי האָט נישט פֿיינט גע־האַט די אורחים, נור זיי מיט זייערע שמוציגע קאַפּאָטעס, דאָ ביי דעם הערליך געדעקטען טיש... פֿאַר ליכט־צינדען איז עס נאָך געווען, האָט זי געהייסען די דינסטען גרייטען פֿאַר די אורחים אַ בעזונדער טיש אין קיך און אַרויפֿשטעלען די מעשענע לייכטער מיט דעם וואָכעדיגען געפֿעס, כדי אַז זי מיט דעם מאַן און די קינדער זאָלען זיין ביי דעם טיש אַליין. זי האָט געמיינט, אַז עס וועט איהם געפֿעלען. דער טיש איז אַזוי שען, שבת׳דיג!

עס איז אַראָבגעקומען די עלטערע טאָכטער פֿון דער הויך, אויך שבת׳דיג אָנגעטאָן, מיט איהר צירונג בעפּוצט. זי האָט געזעהן דעם בעזונדערן טיש, וואָס איז אין דער קיך געגרייט, האָבען זי פֿערדראָסען די נייע מאָדעס, וואָס מען פֿיהרט דאָ איין נאָך איהר מוטערס טויט. נאָר דער „מומען" זאָגען האָט זי עס נישט געוואָלט. האָט זי געוואַרט, ביז דער פֿאָטער וועט קומען אַהיים פֿון שול. און כאָטש זי האָט די „מומע" ליעב געהאַט און זיך גוט פֿערטראָגען מיט איהר, האָט זי דאָך אין האַרצען נקמה געוואָלט דערלעבען אָן איהר, דערפֿאַר, וואָס זי פֿערנעמט דער מוטערס אָרט. זי האָט געוואוסט, אַז דעם פֿאָטער וועט פֿער־דריסען דאָס גרויסאַרטיגקייט, וואָס דאָס ווייבעל פֿיהרט איין אין דערהיים. דאָס ווייבעל האָט זיך געוואָלט מיט דער טאָכטער אַפּילו מישב זיין, האָט זי אָבער געוואוסט, אַז אַ טאָכטערס האַרץ איז שטענדיג אָנגעקניפּט אָן דער מוטער... און איבעריגענס איז זי די בעל־הבית׳טע אין דער שטוב און טוט, וואָס איהר גע־פֿעלט.

דערווייל איז דער שבת אָנגעקומען מיט רוהיגע טריט. איבערן הימעל האָט זיך די טונקעלע נאַכט אויסגעשפּרייט, ווי אַ שוואַרץ זיידען טוך מיט שטערען בענייהט. דאָס שטעדטיל האָט

17

זיך אין טונקעלן שאָטען געהילט. די געוועלבלעך זענען געוועזן פֿערמאַכט, די שבת=ליכטלעך פֿון די פֿענסטער אַרויסגעקוקט. און אַ שבת=יום=טובֿ'דיגקייט איז איבערן שטעדטיל ווי אַ זאַנפֿטער שלאָף געפֿאַלען. יודען געהען שוין פֿון דאַווענען אַהיים. רבֿ שלמה מיט דעם איידעם און די קינדער, מיט די יונגען — זיינע מענשען און אַ פֿעקעל אורחים הינטער איהם. רוהיג, מיט שבת'דיגע טריט, טרעט רבֿ שלמה און מאַכט זיך מיט דער האַנד די שוואַרצע געדיכטע באָרד גלייך, פֿערשפּרייט זי איבער זיין וויים=געפּרעסט העמד, איבער זיין שוואַרצען זיידענעם ראָק, און דאָס יודישקייט שמעקט אַראָב פֿון איהם. ער קוקט אויף די אָרימע שטעדטילשע גויים, וועלכע דרעהען זיך האַלב שכור אין געסיל אַרום, אין זייערע וואָכענדיגע קליידער, און בעדויערט זיי פֿון טיפֿען האַרצען, וואָס דער רבונו של עולם האָט מיט זיי דעם חסד נישט געטאָן און זיי דעם שבת ניט געגעבען. עס בעט דער יוד און ווינשט פֿון גאַנצען האַרצען, אַז משיח זאָל קומען, די וועלט זאָל ווערען אויסגעלייזט, און אַלע גויים פֿון דער וועלט זאָלען אָננעמען יודישקייט.

אַריינגעקומען אין שטובֿ, געזאָגט גוט=שבת. מיט אַ שטילען רוהיגען שמייכעל, וואָס שיינט איבערן פּנים פֿון אַ פֿול האַרץ מיט פֿרייד, בעגעגענט חנה'לע זיין „גוט=שבת“ און ענטפֿערט אָב אין דער שטיל: „גוט=שבת, גוט יאָהר“. רבֿ שלמה דערפֿיהלט אין איהר טאָן און אין איהר מינע דאָס וואַרימקייט פֿון איהר האַרץ, וואָס ליגט ווי אַ ליכט אויסגעגאָסען איבער איהר גאַנץ געשטאַלט, און מיט אַ האַרץ פֿול פֿרייד בעגריסט ער די שבת'דיגע מלאכים, וואָס קומען מיט איהם אין שטובֿ אַריין. ער קוקט אויף דעם וויים=געדעקטען טיש, אויף די זילבערנע לייכטער און דאַנקט דעם רבונו של עולם פֿאַר אַלץ, וואָס ער טוט מיט איהם. און אַ גרויס שטאָלצקייט פֿילט איהם אָן, אַ שטאָלצקייט אויף זיין יודישקייט, אויף גאָט און אויף דער תורה, וואָס ער האָט די יודען געגעבען. ווי אַ קיניג פֿיהלט ער זיך אין זיין היים. אַוועק איז דער גלות, חורבן ירושלים איז קיינמאָל נישט געווען, און בבל אין רוים האָט קיינמאָל נישט עקסיסטירט. און ווי אַ נצחון=ליד איבער זיינע אייביגע שונאים, די גריכען מיט די רוימער, ווי ער

וואָלט ערשט פֿון בית־המקדש צוריקגעקומען, און דאָ איז זיין ירושלים, זינגט ער „שלום־עליכם מלאכי השרת“.

אָבער פּלוצלונג דערזעהט ער דעם געדעקטען טיש אין קיך פֿאַר די אורחים. אַ צער דריקט זיין האַרץ, וואָס זיין שבת ווערט פֿערשטערט. ער ווייסט, וואָס דאָס איז, און האַלט זיך איין מיט אַלע מעגליכקייטען נישט צו צעשטערען זיין שבת. ער זעהט, ווי די אורחים זעצען זיך שוין אויס אין קיך ביים טיש — און דער צער אין האַרץ ווערט נאָך גרעסער. פֿערשעמט ווערט ער פֿאַר זיך. „אַן אורח איז געגליכען צום רבונו של עולם; אַז דו ביזט מכבד אַן אורח, איז ווי דו וואָלסט דעם רבונו של עולם מכבד געווען“, — דערמאָנט ער זיך, וואָס דער גאָסטינינער רבי האָט איהם אַמאָל געזאָגט. און ווער איז ער דען, וואָס ער זעצט זיך ביי זיין שענעם טיש, און דעם רבונו של עולם לאָזט ער אין דער קיך? אָבער שבת איז עס. קיין איין וואָרט רעדט ער נישט, געהט צו צום טיש, נעמט אַראָב די פֿלאַש וויין מיט דעם כוס פֿון זיין טיש, טראָגט עס אין דער קיך אַריין און זעצט זיך אַוועק ביי די אורחים. באַלד האָבען זיך אַלע אויפֿגעהויבען פֿון טיש און זענען נאָכגעגאַנגען דעם פֿאָטער אין קיך אַריין. קיינער האָט נישט דערוועגט זיך קיין וואָרט צו רעדען, ניט צו פֿרעגען. די אורחים האָבען באַלד צווישען זיך אָרט געמאַכט. מען האָט אָנגעהויבען איבערטראָגען אין קיך אַריין די שטולען, די טעלער און לעפֿעל. אַלע האָבען זיך אין קיך אויסגעזעצט ביים אָרים־געדעקטען טיש, מיט די מעשענע לייכטערלעך, און די גרויסע זילבערנע לייכטער האָבען זיך פֿערשעמט און איינזאַם געברענט אין דער גרויסער שטוב.

דאָס ווייבעל איז פֿערשעמט געוואָרען. רויט און בלאַס איז זי דעם גאַנצען אָבענד געווען, און נישט איין מאָל זיך טועה געווען ביים טיילען. דער עולם איז געזעסען שטיל. נאָר באַלד האָט זיי רב שלמה בערוהיגט מיט זיינע בליקען. נאָך דעם קדוש, ביי די פֿיש, האָט ער אָנגעהויבען פֿריינדליך צו רעדען מיט די אורחים, מיט די קינדער און געשמייכעלט ליעבליך צום ווייבעל, און גערעדט צו איהר, גלייך ווי עס וואָלט גאָר נישט געווען פֿאָרגעקומען. און געשפּיעלט האָט ער זיך מיט די קינדער, געגלעט

די מיידלעך איבער די קעפלעך און געפרעגט די יונגלעך עפּיס פון לערנען. באלד האט מען אנגעהויבן זמירות צו זינגען, און אלע האבן פארגעסן, אז זיי זיצען אין דער קיך. אלע זענען צוריק פרעהליך געווארן, ברוהיגט, און דער שבת איז זיך גע־גאנגען זיין געוועהנליכען יום־טוב׳דיגען גאנג.

נור דאס ווייבעל אליין איז געזעסען א טרויעריגע. און וויפיעל רב שלמה האט זיך בעמיהט זי צו בערוהיגען מיט די בליקען און מיט גוטע ווערטער, האט עס נישט געהאלפען. זי איז געזעסען א טרויעריגע און האט רוהיג געטיילט ביים טיש.

אז זיי זענען צו זיך אין צימער אריינגעקומען, איז רב שלמה צוגעגאנגען צום ווייבעל, האט זי געגלעט איבער׳ן קאפ און געזאגט אזוי:

— ביזט פערשעמט געווארען, חנה׳לע. אבער וואס האב איך געזאלט טון? אז דו ביזט מכבד אן אורח, איז ווי דו וואלסט מכבד געווען דעם רבונו של עולם. און ווער, וואלסטו געוואלט, זאל ליעבער פערשעמט ווערען: דו, צי דער רבונו של עולם?

זי האט אין דער שטיל דעם קאפ צו דר׳ערד געבויגען און געזאגט מיט אונטערטעניגקייט און מיט א בעוויינטער שטים:

— איך וויים נישט, ווי אזוי איך זאל זיך פיהרען. לערן מיך, שלמה, לערן מיך, איך וועל דיך פאלגען.

און זי האט גענומען זיינע הענד און האט זיי אין דער שטיל געקושט.

# צווייטער קאַפּיטעל.

## רבֿ שלמה'ס יחוס.

אויף אַן אַלטן חומש, וואָס אַן עלטער־זיידע האָט איבערגעלאָזט, ציהט זיך אַוועק אַ יחוס־בריוו פֿון רבֿ שלמה'ס משפּחה. לויט דער אַלטקייט פֿון דער משפּחה דערגרייכט דער יחוס־בריוו נישט זעהר ווייט. אַן עלטער־זיידע, דער מחבר פֿון דעם ספֿר „אור ישׂראל", האָט אין שנת תקל"ז אין דעם שטעדטיל שערעץ, וואָס איז במדינת גרויס־פּוילין, פֿערשריבען, אַז ז' כסליו איז ביי אידם געבוירען געוואָרען אַ זוהן אליקום געציל. דער יחוס־בריוו ציהט זיך ביז צום „נודע ביהודה". און דער „נודע ביהודה" — ווי מען ווייסט — רעכענט אוים אין דער הקדמה צו זיין ספֿר זיין יחוס ביז צו דוד המלך, — אַזוי איז רבֿ שלמה און אַזוי זענען רבֿ שלמה'ס קינדער איבערגעציינט און גלויבען באמונה שלמה, אַז זיי קומען אַרויס פֿון דוד המלך.

איך ווייס נישט, וויפֿיעל אמת עס איז דאָ אין דער לעגענדע פֿון דער משפּחה. איך ווייס אָבער, אַז נאָך די קרייץ־צוגען, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די גרויסע אויסוואַנדערונג פֿון די דייטשע יודען אין די סלאַווישע לענדער אַריין, איז אויך רבֿ שלמה'ס משפּחה אויסגעוואַנדערט פֿון אַ קליין דייטש שטעדטיל (וואָס זיי זענען דאָרט אַהין געקומען נאָך אין יענע צייטען, ווען די געגענד איז געווען אַ רוימישע פּראָווינץ) קיין שערעץ, וואָס ליגט אין גרויס־פּוילין. אַהין גענומען האָט זיי דאָס שטעדטיל, וועלכעס האָט אויסגעשריבען צו זיך פֿאַר אַ רבֿ רבֿ שלמה'ס אַן אור־עלטער־זיידען, — ווי עס איז דעמאָלט דער מנהג געווען אין פּוילין אויסצושרייבען זיך רבנים פֿון דייטשלאַנד. און די משפּחה האָט אויך אַ לאַנגע צייט געטראָגען דעם נאָמען פֿון דעם דייטשען שטעדטיל, פֿון וואַנען זיי זענען אַהער געקומען. ביז אַ צווייג פֿון דער משפּחה האָט זיך אָבגעטיילט אין דער צייט, ווען דער דייטש

איז געקומען קיין פוילין, און עס איז אַרויסגעגאַנגען אַ גזרה, אַז יידען זאָלען זיך געבען ביי־נעמען, האָט די משפחה אָנגענומען דעם נאָמען לאַנדוי.

אַ לאַנגע צייט האָט די משפחה פערנומען אין דעם שטעדטיל די שטעל פון אַ רבֿ, וואָס האָט קיין שכירות ניט גענומען פאַר דער רבנות. דער רבֿ איז איינצייטיג געווען אַ סוחר, און דאָס איז אַזוי איבערגעגאַנגען פון די טאַטעס צו די זיהן. אַז אַ רבֿ איז עלטער געוואָרען און געפיהלט, אַז ער האַלט פאַר'ן שטאַרבען, האָט ער נאָך ביי זיין לעבען בעשטימט איינעם פון זיינע זיהן, וועלכער איז ראוי געווען דערצו, פאַר אַ ממלא מקומו, און אַליין איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין ירושלים שטאַרבען. און דער זוהן האָט זיך מתחיב געווען צו צאָהלען דעם פאָטער וואָכען־געלד, אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבען. די שטאָדט האָט געמאַכט אַ גרויסען מאָלצייט דעם טאָג, איידער דער רבֿ איז פון דער שטאָדט „אַרויסגעגאַנגען” קיין ירושלים. אויף דעם מאָלצייט האָט מען דעם אַלטען רבֿ געוואונשען מזל־טוב, וואָס זיין זוהן איז ממלא מקומו, און צומאָרגענס אין דער־פריה האָט דאָס גאַנצע שטעדטיל אַרויסבעלייט דעם רבֿ מיט דער רבי'צין אין וועג אַריין. און דער רבֿ איז אַרויסגעגאַנגען צו־פוס פון שטעדטיל, כדי עס זאָל הייסען, אַז ער איז „עולה רגל”.

פיעל רבנים פון דער משפחה זענען אָנגעקומען קיין ירושלים און ליגען אויפ'ן הר הזיתים, וואָס איז קעגענאיבער דעם הר הבית. נאָר פיעל רבנים פון דער משפחה זענען אין יענע אומרוהיגע צייטען, ווען די מלכים האָבען געפיהרט צווישען זיך מלחמות, פערלאָרען געוואָרען אויפ'ן וועג, מען ווייסט נישט, וואו זיי זענען אַהינגעקומען, און זייערע ביינער זענען פערשפרייט אויף די בית־עולמ'ס פון אַלע שטעדט, וואָס ליגען אויף דעם וועג צווישען דעם שטעדטיל שערעץ און ירושלים. זיי זענען געשטאָרבען אויפ'ן וועג און האָבען נישט די זכיה געהאַט צו טרעטען אויף דער הייליגער ערד.

אַזוי האָט זיך געצויגען אַ לאַנגע שנור פון דורות רבנים, ביז דאָס „אומגליק” איז געקומען. דאָס אומגליק איז געווען, אַז דער ממלא מקומו פון דעם בעריהמטען „אור ישראל”, טאַקע דער

אליקום געציל הנ"ל, וואָס איז געווען אַן עלוי, אַ פֿייערדיגען קאָפּ געהאַט, און די וועלט האָט גע'שמ'ט מיט איהם — האָט פּלוצלונג מע'גן געווען זיין ווייב מיט די קינדער, פערלאָזען דעם בית־המדרש מיט די ספרים און איז אַנטלאָפען קיין בערלין, וואָס איז דענסטמאָל געווען אַ מקום טומאה, רחמנא לצלן, וואָרום דער דעסער האָט דאָרט דעמאָלט געלעבט, און ער איז אַרויסגעגאַנגען לתרבות רעה.

פון דעמאָלט אָן איז די שנור פון רבנים־סוחרים געוואָרען איבערגעריסען. די קינדער פון דעם מומר זענען געוואָרען איידעמס אין פרעמדע שטעדט, האָבען פערלאָזט דעם כּסא רבנות און זיך גענומען צום האַנדעל. רב שלמה'ס פאָטער האָט אַפילו יאָ דערגרייכט צו זיין אַ שוחט, אָבער ווייטער איז עס נישט געגאַנגען. מען האָט איהם אויך די שטעל געגעבען נאָר צוליעב זיין יחוס. דער „אור התורה“ איז געוואָרען אָבגענומען פון זיי, און קיין סוחרים זענען זיי אויך נישט געווען קיין גרויסע, און מחמת דעם פאָטערס שפליקייט האָט מען באַלד אויך זייער יחוס פערגעסען. אויף רב שלמה'ן פלעגט מען אויך היינט נאָך זאָגען אין דער שטיל, אַז ער איז אין דער יוגענד געווען אַ קאַלבען־טרעגער. נאָר רב שלמה פלעגט זיך דערמיט ניט שעמען. אַדרבא, נאָך ביז היינט, אויף יעדען פסח צום סדר, אַז די קינדער זיצען אַרום טיש, און ער קוקט אויף דעם שען־געדעקטען טיש, דערצעהלט ער פאַר זיינע בני־בית דעם נס, וואָס דער רבונו של עולם האָט מיט איהם אַמאָל געטאָן, ווי אַזוי ער איז געקומען צו זיין עשירות. וואָרום ער פלעגט זאָגען, אַז פסח צום סדר דאַרף אַ יוד דערצעהלען ניט נאָר די נסים, וואָס דער רבונו של עולם האָט געטאָן מיט די יודען אין מצרים, נאָר מען דאַרף אויך דערצעהלען די נסים, וואָס דער רבונו של עולם טוט מיט יעדען יוד בעזונדער.

און דערצעהלען פלעגט ער אַזוי:

„מיט אַזוי פיעל און אַזוי פיעל יאָהרען צוריק, ווען איך בין נאָך געווען אַ יונגער־מאַן נאָך דער חתונה, האָט דער רבונו של עולם מיט מיר געטאָן אַ נס. איך האָב דעמאָלט געהאַנדעלט קאָרן מיט אַ יונגען־מאַן בשותפות. האָט מען זיך אָבגערעכענט דעם שבת־צו־נאַכטס, וואָס פאַר פסח, איז מיר גאָרנישט אַרויסגעקומען. מיר זענען געבליבען נאָר די פינף גראָשען, וואָס אייער מו־

טער נעכֿע האָט איבעריג געהאַט פֿון פֿרייטאָגדיגען שבת=מאַכֿען.
און דאָ איז געווען דריי טעג פֿאַר יום=טוב, אין שטוב איז גאָר=
נישט דאָ, און אַן אורח אויף יום=טוב בין איך אויך געוועהנט אַהיים
צו נעמען. נאָר איך האָב מיר גאָרנישט געמאַכֿט דערוים. איך
האָב זיך פערלאָזט אויפ'ן רבונו של עולם, אַז ער וועט מיך נישט
פערלאָזען. צומאָרגענס אין דער=פֿריה איז געווען יאָהר=מאַרק, זונ=
טאָג. בין איך געגאַנגען דאַוונען. אַהיים געקומען פון דאַוונען, האָב
איך מיך געוואַשען צו די פאָר זעמעל, וואָס די מאַמע האָט גע=
קויפֿט, פֿערביסען, אָבגעבענשט און געה אַרויס אין גאַס אַריין און
זאָג מיר: „רבונו של עולם! דער שותף האָט מיך פערלאָזט, און
קיין געלד האָב איך נישט — וויל איך דיך צונעמען פאַר אַ
שותף. איך וועל אַריינלעגען מיין אַרבייט, דו — דיין ישועה,
און וואָס מיר וועלען פערדינען, וועלען מיר זיך טיילען". קיין
גראָשען אין קעשענע האָב איך נישט געהאַט, אָבער דעם בטחון
האָב איך נישט פערלוירען. איך האָב געוואוסט, אַז דער רבונו
של עולם וויל מיר העלפען, און זאָג מיר: „דאָס ערשטע בעסטע,
וואָס איך וועל טרעפען — דאָס קויף איך אָהן אַ גראָשען". טרעף
איך אָן אַ פויער, טראָגט ער אויפ'ן אַקסעל אַ קעלביל. צוויי רובל
וויל ער דערפֿאַר. איך גיב איהם נור צעהן גילדען; דינגט ער זיך:
נאָך צוויי גילדען, — און איך נעם דאָס קעלביל אויף דער פלייצע
און שעם זיך גאָרנישט, — כאָטש איך בין דעמאָלט געווען אַן אָנ=
געזעהענער יונגער=מאַן פון אַ שעֶנער משפחה און ערשט נאָך דער
חתונה, און אַלע האָבען מיך געקענט, — און געה דרייסט, כאָטש
די שטאָדט קוקט מיר נאָך. איך האָב אַ שותף דעם רבונו של עולם
און אַ ווייב מיט קינדער פרנסה צו געבען. טראָג איך דאָס קעל=
ביל פֿאַר לייבוש מלוה'ס טיר. „באָרג מיר דערויף דריי קערב=
לעך!" באָרגט ער מיר דריי רובל. בעצאָהלט דעם פויער, און אַרוים
אין גאַס ווייטער האַנדלען. אַ זעקיל תבואה, אַרבעס, אַ פעל —
איך האָב גאָרנישט געקוקט: אַלץ, וואָס האָט זיך מיר געטראָפען,
דאָס האָב איך געקויפט. און דער רבונו של עולם האָט מיר טאַקע
געהאָלפען. ערב פסח האָב איך געמאַכט מיט איהם אַ חשבון, זיין
חלק ריוח האָב איך איהם אָבגעגעבען ביז צו אַ גראָשען, צעטיילט
אָרימע לייט, און איך מיט דער מאַמען האָבען מיר אָנגעגרייט אַ

שענעם פסח, און אַן אורח אַהיים גענומען, געהאַט א פרעהליכען יום־טוב, און ס'איז איבערגעבליבען אַ פּאָר קערבלעך אויף נאָך יום־טוב אויך. נאָך יום־טוב האָב איך איהם געזאָגט, דעם רבונו של עולם: שותפות מאַכען מיט דיר קאָן איך נישט; איך האָב אַ ווייב מיט קינדער און דאַרף זעהן צו זאָרגען פאַר זיי אויף אַ תּכלית. נאָר ווי ווייט איך וועל קאָנען, ווי ווייט דו וועסט מיר העלפען — מיר זענען דאָך יודען!... און האָב זיך אַרויסגעלאָזט אין דאָרף אַריין צום שׂררה, מיט אַ פּאָר רובל און געאַרבייט... און קיינמאָל מיט'ן שׂררה האָב איך קיין קוויטעל נישט אונטערגעשריבען, און דער רבונו של עולם האָט מיך נאָך קיינמאָל, חלילה, נישט געבראַכט צו דעם, אַז איך זאָל דאַרפען מיין וואָרט ברעכען, אַפילו עס האָט געהאַלטען אומגליקליך צו ווערען. און פון דעמאָלט אָן לעב איך, און מיר האָבען זיך נישט צו קלאָגען, און איך האָף און גלויב, ער וועט אונז ווייטער אויך נישט פערלאָזען".

היינט, אַז עוזר'ל דער זוהן און די טאָכטער — ווען זיי הערען, וואָס דער פאָטער דערצעהלט, — רוימלען זיי זיך ביים טיש און בויגען די קעפ צו דר'ערד, און עס איז זיי אונאָנגענעם, וואָס דער פאָטער דערצעהלט, ווי ער האָט אַמאָל אַ קעלביל געטראָגען. אָבער רב שלמה איז שטאָלץ דערויף און איז גרייט אַפילו היינט, ווען עס זאָל איהם, חלילה, טרעפען אַן אומגליק, און ער וואָלט זיין געלד פערלוירען, וואָלט ער אַפילו איין מינוט נישט געקלערט און צוריק אָנגעהויבען איפ'ס ניי און קעלבלעך געשלעפּט.

אַזוי האָט רב שלמה אויסגעפיהרט זיין וועלט מיט דעם כח פון בטחון, וואָס ער האָט געהאַט. עס זענען נאָך געוועזן יענע צייטען, ווען די יאָהר־מערק זענען פול געוועזן מיט פויערים און פוהרען; „געשעפטען" האָבען זיך אין די גאַסען געוואַלגערט; דער פריצ'ל האָט נישט געוואוסט פון דער שטאָדט און געדאַרפט האָבען דעם יודען. רב שלמה'ס עהרליכקייט האָט אין דער וועלט געקלונגען. קיינמאָל קיין קוויטעל נישט אונטערגעשריבען, און אַפילו אויף „ברי" קיין שבועה נישט געגעבען. און עס האָט סיך שוין אַמאָל געטראָפען, אַז רב שלמה האָט געלאָזט פערפאַלען אַ פערמעגען ביי אַ שותף נאָר דערפאַר, וואָס בית־דין האָט איהם צוגעפסק'ענט אַ שבועה. די שבועה איז געווען אַ ברי; די וועלט האָט געוואוסט,

ער האָט רעכט, נאָר שווערן האָט ער נישט געוואָלט. און פערפאַלען געלאָזט: „דער רבונו של עולם וועט מיר ממלא זיין" — האָט ער געזאָגט. און אַזוי איז געווען. אין „הויף" אָנגעזעהן, די שררות האָבען איהם בעהאַנדעלט ווי זייערס אַ גלייכען. אַ שטאָלצער יוד געווען. אַמאָל האָט איהם אַ יונגער פריץ, וואָס ער האָט איהם נישט געקענט (ערשט בירושה געקראָגען דאָס פערמעגען), פערשעמט, נישט געהייסען איהם זיצען און געזאָגט „דו". האָט ער איהם שטעהן געלאָזט, אַוועקגעפאָהרען און קיין געשעפט נישט געמאַכט, כאָטש עס איז דערביי געשטאַנען אַן עשירות צו פערדינען. דער פריץ איז אַ הולטיי געווען, האָט אויספערקויפט זיינע גיטער בחצי־חנם, האָט דאָך רב שלמה מעהר נישט געוואָלט מיט איהם קיין געשעפטען מאַכען — און ביז'ן היינטיגען טאָג.

אַז רב שלמה איז אַריינגעקומען אין אַ הויף אַריין, אָדער אַז מען האָט איהם אַ געשעפט פאָרגעלעגט, האָט ער געפרעגט: צי זענען שוין יודען סוחרים דאָרט געווען. קוים איז ער געוואָר געוואָרען, אַז יודען דינגען שוין, האָט ער עס פאַר קיין געלד ניט געוואָלט קויפען. ער האָט קיינמאָל קיינעם קיין געשעפט נישט אויסגעדונגען, און האָט ער דאָס אַמאָל געטאָן בלא יודעים, האָט ער יענעם דעם ריוח אָבגעגעבען. דאָס האָט איהם געמאַכט אַ שם אין דער וועלט. מען האָט זיך באַלד דערמאָנט, ווער רב שלמה איז, דערמאָנט זיין יחוס. דער פאָטער דער שוחט, דער אָרימאַן, איז פערגעסען געוואָרען; דעם מומר דעם זיידען האָט קיינער נישט געדענקט. עס זענען באַלד אויפגעשטאַנען די גרויסע עלטערזיידעס, די רבנים־סוחרים, דער בעל „אורח החיים", וואָס האָבען בעלויכטען דאָס שטעדטיל דורך אַזוי פיעל יאָהרען, און רב שלמה איז געוואָרען דער גרויסער נגיד און דער גרויסער בעל יחוס אין שטעדטיל.

און מען האָט געזעהן, אַז דער רבונו של עולם וויל איהם העלפען. די ברכה איז געלעגען אויפ'ן הויז, און צו וואָס ער האָט זיך גענומען, איז געלד געוואָרען. דאָס ווייב נעכע — אַן אשת חיל. די גאַנצע וואָך איז ער אַרומגעפאָהרען האַנדלען אין די הויפען, אין די שטעדטלעך, און זי האָט געמאַכט פון הויז אַ גאַסט־הויז פאַר אָרימע לייט. קיינער איז נישט אַרויס־

געגאַנגען פון איהר הויז אַ הונגעריגער. דער בית־המדרש און די שול האָט זי מיט ליכט אויסגעהאַלטען, און אַן אָרימע קינפעטאָרין אין שטאָדט — איז מען צו נעבען געגאַנגען נאָך אַ ביסעל גוטען אַיינגעמאַכטס, נאָך אַ לעפעל יויך. און אַ נדבה, און אַ העמד אַן אָרימאַן, אָדער אַ ריינעם ליילעך פאַר אַן אָרימער געווינערין. קיין מלבושים האָט מען נישט פערקויפט, אויף יעדען יום־טוב נייע געמאַכט און די אַלטע אַוועקגעשענקט אָרימע לייט. און האָט ווער געדאַרפט אַ גמילות חסד (קליינע, וואָרום מיט גרויסע איז מען צו רב שלמה'ן געגאַנגען), איז מען אַריינגעקומען צו נעבען. אין שאַנק ליגט אַ פולער שופלאָד מיט פינגערלעך און בראָשען, וואָס אָרימע־לייט לאָזען ליגען פאַר משכנות. אויף אַ יום־טוב גיט מען עס צוריק אַרויס, און די, וועלכע זענען פערפאַלען געבליבען, שענקט מען אַוועק אַן אָרימער כלה אויף כלה־מתנות. בענוצען טוט מען עס, חלילה, נישט, מען האַלט עס פאַר צדקה.

און מען האָט טאַקע אָנגעזעהן, ווי דאָס גאַנצע הויז האָט זיך געטונקט אין גאָטס ברכה, וואָס איז געלעגען דערויף, געטונקט זיך אין שפע. יעדעס יאָהר אַ קינד געהאַט. די אַמען מיט די באָבעס זענען גאָרנישט פון שטוב אַרויס — איידער מען האָט איין סעודה פערענדיגט, האָט מען שוין זיך געגרייט צו אַ צווייטער סעודה... און ווי די קינדער, אַזוי, להבדיל, די קיה אין די שטאַלען און די שטוב־חיות... און עסענוואַרג האָט זיך אין הויף אַרומגעוואַלגערט. אַלע הינער פון דער שטאָדט האָבען אין רב שלמה'ס הויף תיונה געקליבען. און דאָך, אַז רב שלמה האָט אָבגעקויפט די אַלטע פלעצער, וואָס האָבען געהערט צו זיינע זיידעס, און איז דאָרט געגאַנגען בויען — האָט נעבע אַרויסגענומען אַ בעהאַלטען זעקעלע, אָנגעשטאָפט מיט זילבערנע רובעלס, וואָס זי האָט אָנגעקליבען בעזונדער, און צו־שטייער געגעבען אויפ'ן בויען.

נור דער אור־התורה איז איהם נישט צוריקגעגעבען געוואָרען. קיין למדן איז רב שלמה קיינמאָל נישט געווען, נאָך יונגערהייד זיך גענומען צום האַנדעל. און אַז ער איז געוואָרען אַן אָנגעזעהענער מענש, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו חבר'ן מיט בעלי־בתים, מיט די פישערס און קצבים, מיט פראָסטע יודען, כאָטש

די חסידים האָבּען איהם געוואָלט אַריינציהען צו זיך און שטענדיג געדענקט זיין יחוס. ער האָט פאַר זיי דרך־ארץ געהאַט, אָבער ליעב האָט ער זיי נישט געהאַט. „איך נישט — האָט ער געזאָגט — נאָך נישט די צייט. אפשר מיינע קינדער אַמאָל“ (געמיינט האָט ער חיימ׳לען דעם יונגערן זוהן, פון איהם וועט זיך אָנהויבען דער אור התורה). געפּאָהרען איז רב שלמה צום גאָסטינינער, וואָס איז געוועזן אָנגענומען פאַר א „וויבערישען גוטען יוד“, און וואָס די חסידים האָבען פון איהם חוזק געמאַכט, — ווייל צו איהם זענען געפּאָהרען נאָר פּראָסטע יודען בעלי־בתים.

דער גאָסטינינער איז אָבער געוועזן אַן אוהב ישראל און האָט דוקא ליעב געהאַט זיך צו חבר׳ן מיט די פשוט׳ע יודען, בעלי־בתים, די חברה פ״פען (פּישערס, פליישערס, פּערד־סוחרים). און איז געקומען אַ שבת אָדער אַ יום־טוב, זענען צו איהם געקומען די בעלי־בתים מיט די ווייבער און מיט זייער גאַנצען הויזגעזינד, בעלעגערט זיין הויז, ליעב געהאַט דעם רבי׳ן, ווי דאָס לעבען, און זיך געשלאָגען פאַר איהם. און געהאָלפען האָט דער רבי מיט תהלים זאָגען. איז אַ יוד געקומען צו געהן צו איהם און האָט איהם דערצעהלט זיינע צרות, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט מיט דעם יודען תהלים זאָגען, — ער אַ פסוק, דער יוד אַ פסוק. און מען האָט געזעהן בחוש, ווי דער יוד ווערט געהאָלפען, ווי די ישועה קומט. דאָרט, ביים רבי׳ן, האָט מען זיך געפיהרט בעלי־בת׳יש. אַפילו געדאַווענט האָט מען כמנהג אַשכנז. האָבען יודען דעם רבי׳ן ליעב געהאַט, פון אַלע מקומות אַרום איז מען געקומען צו איהם, און געוואוסט האָט ער פון אַלע זייערע געשעפטען און עצות געגעבען.

אָט צו דעם בעל־הבת׳ישען רבי׳ן איז רב שלמה אויך געפאָהרען, ווי יעדער יוד. און אַז ער האָט אַ ברית געמאַכט, האָט ער איהם פיש געשיקט דורך אַ שליח. דערפאַר האָבען איהם די יודען בעלי־בתים ליעב געהאַט, און ער איז געוואָרען באַלד זייער גאַנצער פערטרויטער, דער בעל־יועץ אין שטאָדט און דער בורר. און ווען עס האָט נאָר עפּיס געטראָפען אין שטאָדט, און מען האָט זיך געדאַרפט מישב זיין: אויסגלייכען אַ סכסוך, אַ שותפות, אַ שידוך, — איז מען געקומען צו רב שלמה׳ן. זיינע

הערטער זענען געווען הייליג, וואָרום ער איז געווען זייער שטאָלץ— רב שלמה, דער גרעסטער נגיד און דער גרויסער בעל־יחוס, דער שענסטער יוד פון שטאָדט, איז מיט זיי, דאַווענט מיט זיי אין איין בית־המדרש און פאָהרט מיט זיי צו איין רבי'ן. איז ער אויך געוואָרען דער פיהרער פון שטאָדט.

———

און אַז זיין ווייב נעכע איז געגאַנגען שווער צו קינד, איז רב שלמה פּינקט נישט געווען אין דערהיים. וואָס האָט זיך דענסטמאָל געטאָן אין שטאָדט! אין אַלע שולען און בתי־מדרשים ליכט געצונדען; יודען בעלי־בתים האָבען די אַרבייט אַוועקגעוואָרפען און געשטעלט זיך תהלים זאָגען. די שטאָדט ווייבער האָבען פינסטער געמאַכט דאָס געסיל מיט דעם גרויסען געשטעה פאַר'ן הויז. און די גוואַלדען און די געשרייען זענען געגאַנגען אי'ן הימעל אַרויף. און אַז מען האָט דעם דאָקטאָר געזעהן אַרויסגעהן פון דעם חולה, און דער דאָקטאָר האָט געמאַכט מיט די הענד און געוויזען דעם עולם אויפ'ן הימעל,— אַז דאָ קאָן נאָר דער רבונו של עולם העלפען, איז געוואָרען אַזאַ יאָמער, אַז די שטיינער אין גאַס האָבען געוויינט.

עס האָט זיך פונקט געקליבען צו רעגען, די וואָלקענס האָבען בעלעגט די הימלען,— און פון עק גאַס קומט אָן רב שלמה'ס פוהר צו פאָהרען. אַז די ווייבער האָבען דערזעהן די פוהר אָנקומענדיג, איז מען אַריינגעלאָפען צום חולה, אָנזאָגען, אַז דער מאַן קומט אָן. און אַז רב שלמה האָט דערזעהן פאַר זיין טיר אַזאַ עולם שטעהן, איז ער אַראָבגעשפּרונגען פון דער פוהר און האָט אָנגעהויבען צו לויפען אַהיים. האָט מען איהם באַלד אָנגעזאָגט דאָס אומגליק, איז ער אַריין צום חולה נאָך אין מאַנטעל. זי האָט נאָך צייט געהאַט איהם ביי דער האַנד אָנצונעמען און צו זאָגען: „שלמה, אַז דו וועסט נעמען פאַר מיינע קינדער אַ שטיף־מאַמע, זאָלסטו זעהן, אַז זי זאָל גוט בעהאַנדלען די קינדער און די אָרימע לייט אין שטאָדט, און אַז די שטוב זאָל זיך פיהרען ווייטער אַזוי, ווי זי האָט זיך געפיהרט ביי מיין לעבען. און צו מיין טאָכטערס חתונה זאָלסטו נעמען אַן אָרים פאָר־

פֿאָלק, און זיי זאָלען אָנשטאָט אונז פֿיהרען מיין טאָכטער אונטער דער חופּה".

די קינדער זענען געשטאַנען אַרום בעט, און אַז זיי האָבען געהערט דער מוטערס רייד, איז געוואָרען אַ געוויין. זי האָט באַלד די אויגען צוגעמאַכט און איז געשטאָרבען.

אַ לויה האָט זי געהאַט! די גאַנצע שטאָדט איז נאָכגעגאַנגען, אַלע געוועלבער זענען געווען פערמאַכט, אַלע תּלמוד=תּורה=קינדער און בית=המדרש=בחורים זענען נאָך דער מיטה נאָכגעגאַנגען. די אָרים=בחורים האָבען אַלע ביי איהר „טעג געגעסען", און די תּלמוד=תּורה=קינדער האָט זי אויף יעדען יום=טוב קליידער און שיך געמאַכט. אַן אָרט פאַר אַ קבר האָט מען איהר אָבגעגעבען אין שכנות ביי דער רבי'צין. און אַלע בית=המדרש=בחורים און די תּלמוד=תּורה=קינדער האָבען נאָך איהר קדיש געזאָגט. און דער דיין האָט איהר אַ הספּד געמאַכט, וואָרום זי איז געווען פאַר אַלע, ווי אַ מוטער.

דאָס איז געווען אַ פּאָר וואָכען פאַר דער טאָכטערס חתונה. נעביך, נישט די זכיה געהאַט די טאָכטער אונטער דער חופּה צו פיהרען. מען זאָגט, זי האָט זיך פֿערזינדיגט. זי האָט געהאַט פערגעסען אַן אָרימער כּלה די צירונג אַרויסצוגעבען צו דער חופּה, וואָס די כּלה האָט געהאַט ביי איהר פערזעצט אין אַ משכּן, און די כּלה איז געגאַנגען אונטער דער חופּה אָהן צירונג און איז נעביך פערשעמט געוואָרען פֿאַר'ן חתן. האָט זי גאָט געשטראָפט, אַז זי זאָל נישט דערלעבען צו פֿיהרען איהר קינד אונטער דער חופּה, נאָר דערמיט איז זי אָבגעקומען די זינד אויף דער וועלט.

———

אַן איידעם האָט רב שלמה גענומען פֿאַר זיין עלטסטער טאָכטער אַ למדן און אַ חסיד. געוואָלט צוריק אויפזוכען דעם אור תּורה, וואָס איז אַמאָל געווען אין דער משפּחה, האָט ער זיך גענומען אַן אָרימען בחור, כאָטש נישט פון קיין שענער משפּחה, נאָר אַן עלוי. כּמה וכמה אלפים נדן געגעבען און קעסט — כּל ימיו. און אַ חתונה איז עס געווען אין שטעדטיל, ווען רב שלמה האָט דאָס ערשטע קינד אויסגעגעבען (מען האָט אָבגעלעגט די חתונה

אויף נאָך דריי חדשים)! מיט אַלטאָג פֿריִער האָט מען געמאַכט חתונות פֿאַר אָרימע לייט. אָנגעצויגען האָבען אָרימע לייט פֿון דער גאַנצער סבֿיבֿה אַרום אויף דער חתונה. דער מחותּן מיט דער כּלה האָבען אַליין דערלאַנגט צו די טישען. גאַנצע קעסלען אין הויף געקאָכט, און פֿון בית־המדרש האָט מען טיש און בענק אַרויסגענומען און אויפ'ן הויף אויסגעשטעלט. דער פֿאָטער מיט דער כּלה האָבען פֿאַר די אָרימע לייט געטאַנצט. דערנאָך האָבען זיך ביידע אַוועקגעשטעלט, רבֿ שלמה האָט אין איין שירץ געהאַלטען זילבערנע רובל, און די כּלה אין אַ צווייטען שירץ. אַז די אורחים האָבען די חתונה פֿערלאָזט, האָבען זיי ביידע צו רובל געטיילט.

היינט די חתונה אַליין! דאָס געהן אויפ'ן „גוטען אָרט", די געשטאָרבענע מאַמע צו דער חופּה בעטען: צוערשט איז רבֿ שלמה געגאַנגען, דערנאָך די כּלה; אַ האַלבע שטאָדט איז מיט זיי אַרויסגעקומען צום קבֿר. אַן אל מלא רחמים דער כּלה אונטער דער חופּה צו מאַכען האָט מען אַראָבגעבראַכט רבֿ בצלאל סאָכאַטשאָווער, וואָס די וועלט האָט מיט איהם געקלונגען. אַז די מחותּנים זענען זיך צוזאַמענגעקומען, האָט כּלה'ס צד אָנגעהויבען אויסצורופֿען רבנים־משפּחות. צוואַנציג שטריימלעך זענען ביי דער חופּה געווען. האָט רבֿ שלמה'ן אַנדערש נישט געפּאַסט פֿאַר די מחותּנים, און ער אַליין האָט אויך צו דער חופּה אָנגעטאָן אַ שטריימעל און אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע. קיין כּלי־זמר'ים זענען נישט געווען, — ווייל די כּלה איז דאָך געווען אַ יתומה, נור רבֿ שלמה האָט זיי חתונה־געלד אָבגעצאָהלט. עס האָבען אָנגעצויגען פֿערשיידענע בדחנים און מגידים, די כּלה פֿאַר דער חופּה צו בעזינגען און די טויטע מוטער צו בעוויינען. און אויף דער נאַכט, אין גרויסען זאַל, וואו די כּלה איז געזעסען צווישען בלומען־טעפּ, אַז רבֿ בצלאל סאָכאַטשעווער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר דער כּלה און האָט געמאַכט דעם אל מלא רחמים פֿאַר נעכעס נשמה, איז געוואָרען אַ געוויין ביי דער כּלה, גלייך ווי עס וואָלט אַ לויה געווען. דערנאָך האָט דער בדחן פֿערבעטען די טויטע מוטער, אַז זי זאָל קומען בענשען די כּלה פֿאַר דער חופּה. די ווייבער האָבען זיך געגעבען אַ רוק אָב און געמאַכט אָרט פֿאַר דער טוי=

טער מוטער; די כּלה האָט בעהאַלטען דאָס פּנים אין טיכעל און געכליפּעט. און עס האָט טאַקע אויסגעוויזען, ווי נעכע טרעט אין אירע ווייסע תּכריכים צווישען די ווייבער, געהט צו דער כּלה צו, לעגט אַרויף אויף איהר קאָפּ אירע טויטע הענד און בענשט זי, — אַזוי שטיל איז געוואָרען, און אַזוי טונקעל האָבען געלויכטען די ליכט.

און צו דער חופּה האָט רב שלמה געטאָן, ווי נעכע האָט איהם אָנגעזאָגט פאַר'ן טויט: געררופען אַן אָרים פּאָר־פאָלק און מיט זיי אינאיינעם געפיהרט אונטער דער חופּה זיין ערשטע טאָכטער. מ'זאָגט, אַז דאָס איז געווען יענע יודינע מיט'ן מאַן, וועלכע נעכע האָט פערשעמט און איהר נישט אַרויסגעגעבען די צירונג צו דער חופּה, און דערפאַר ווייל זי איז פערשעמט געוואָרען פון נעכען, האָט זי די זכיה געהאַט, אַז זי און איהר מאַן זאָלען פיהרען רב שלמה'ס עלטסטע טאָכטער צו דער חופּה.

———

באַלד נאָך דער טאָכטערס חתונה האָט זיך רב שלמה אָנגעהויבען אַרומקוקען נאָך אַ שידוך פאַר זיך. אַזאַ הויזגעזינד אָהן ען הרע; און רב שלמה אַליין, אַ שענער געזונטער יוד, און דאַרף האָבען אַ ווייב אין שטוב. איצט איז ער דאָך שוין געווען דער נגיד און דער אָנגעזעהענער מענש — האָט ער געוואָלט נעמען אין שטוב אַריין אַ בת נדיבים, וועלכע זאָל פיהרען זיין הויז מיט ברייטקייט, ווי נעכע, און זיין אַ גוטע מוטער צו די שטיף־קינדער. געשדכנ'ט האָט מען איהם גראָסגליקס אַ טאָכטער פון קויל. געקענט האָט ער די משפּחה, אַ שיין יודיש הויז, פון זיידר אַן אַלטען יחוס — איינינע טעכטער, און עס געהט דעם פאָטער נישט גוט. דאָרט האָט מען זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט. רב שלמה האָט זיך געלאָזט געלד קאָסטען, דעם פאָטער געהאָלפען, די שניטקראָם צוריק געעפענט און פאַר די אַנדערע טעכטער וועט ער אויך זאָרגען.

דאָס מיידעל איז נאָך געווען יונג, ניינצעהן יאָהר, און אַז מען האָט איהר פאָרגעשטעלט דעם חתן, האָט זי געוויינט. אָבער רב שלמה האָט זי ביי דער האַנד אָנגענומען און געפרעגט, צי ער געפעלט איהר נישט, און געזאָגט האָט ער איהר, אַז עס

וועט איהר גוט זיין, און די קינדער זענען איידעלע קינדער, וועלען זי גוט בעהאַנדלען, און ער וועט איהר, חלילה, נישט לאָזען קיין שלעכטס טון. און געגעבען האָט ער איהר די טייערע בריליאַנטענע אוירינגלעך חתימה־געלד. דאָס מיידעל איז ווייבער געוואָרען. דער יוד מיט דער שוואַרצער באָרד און די ברענענ־דיגע אויגען איז איהר געפעלען. נאָר זי האָט מורא פאַר איהם און האָט איהם נישט געקאָנט זאָגען „דו“. און ביז היינט נאָך, אַ פאָר חדשים נאָך דער חתונה, ווען זי טראָגט שוין דאָס קינד פון איהם, געטרויט זי זיך נאָך נישט איהם צו זאָגען „דו“ און דער „איהר“ ליגט איהר שטענדיג אויף די ליפען.

אַמאָל אויף שבת איז דער פאָטער נישט אַהיים געקומען — עס האָט זיך געטראָפען דאָס ערשטע מאָל, וואָס רב שלמה איז אויף שבת נישט אין דערהיים געווען, האָבען די קינדער פערשטאַנען, אַז דער פאָטער איז אַ חתן געוואָרען. איז דאָרט דעם שבת תשעה באב געווען, און די גאַנצע שטאָדט האָט זיי בעוויינט. דערנאָך, אַז רב שלמה איז אַהיים געקומען, האָט ער זיי דערצעהלט, אַז אין קורצען וועט די „מומע“ קומען אין שטוב אַריין, און ער בעט זיי, אַז זיי זאָלען זי גוט בעהאַנדלען, וואָרום זי איז אַן איידעלע טאָכטער פון אַ גוט הויז און זי וועט זיי זיין אַ געטרייע מוטער, און זי איז ווערט צו פערנעמען דער מאַמעס אָרט.

און אַ חתונה האָט רב שלמה געהייסען מאַכען דער כלה'ס עלטערן אַ ברייטע און אַ רייכע, ווי עס פאַסט פאַר אַ מיידעל. „מילא, איך — בין אַן אלמן — האָט ער געזאָגט, — אָבער די כלה איז דאָך נאָך אַ בתולה, זי האָט דאָך נאָך איהר חתונה נישט געהאַט“. און כאָטש ער האָט פון זיין צד קיינעם נישט געבעטען, און די קינדער אין דערהיים האָבען נישט געוואוסט, ווען דער פאָ־טער פאָהרט אויף דער חתונה, דאָך האָט ער זיך געהייסען אָנ־גרייטען אַן אויסשטייער ביי דער כלה, ווי פאַר אַ בחור אַ חתן. און געלד דערויף האָט ער געלאָזען. געלאָזט מאַכען נייע וועש און נייע בעטגעוואַנט, אַז עס זאָל דער נייער כלה גאָרנישט דער־מאָנען אָן דעם פריהערדיגען ווייב און עס זאָל איהר נישט די

שמחה פערשטערן. „פאַר דיר בין איך נאָך אַ בחור" — האָט ער געזאָגט צו דער כלה.

און אַז ער איז פון דערהיים אַוועקגעפאָהרען אויף דער חתונה, האָט קיינער ניט געוואוסט. געזאָגט האָט ער, אַז ער פאָהרט קיין לייפציג אויפ'ן יריד און וועט זיך זאַמען אַ צוויי וואָכען. קיינעם נישט מיטגענומען פון זיין צד. און געפאָהרען אויף דער חתונה, האָט ער אָן אַלץ פערגעסען, פון אַלץ זיך אויסגעטאָן, ווי ער וואָלט קיינמאָל קיין ווייב און קיין קינדער נישט געהאַט. איינגאַנצען זיך איבערגעגעבען משמח צו זיין די כלה.

אַ חתונה האָט מען געמאַכט, ווי עס פאַסט פאַר'ן גרעסטען גביר. דאָ איז שוין יאָ מוזיק געווען, און די שענסטע מיידלעך פון דער שטאָדט זענען צו דער כלה געקומען, און די בחורים צום חתן. ער האָט זיך צווישען די בחורים אַוועקגעזעצט, ווי ער וואָלט נישט געווען קיין אַלמן, נאָר נאָך אַ יונגער בחור. און אַז מען האָט איהם אונטער דער חופה געפיהרט, און זיין שענע שוואַרצע באָרד און זיינע אויגען האָבען געגלאַנצט אין דעם שענעם נייעם זיידענעם ראָק מיט דעם נייעם שטריימעל, און ער האָט געקוקט אויף דער יונגער, שענער כלה, וואָס שטעהט נעבען איהם — איז ער טאַקע אַ יונגער בחור געווען.

און ווען זיי זענען אַליין געבליבען, און ער איז צו איהר נאָהנט געוואָרען, האָט איהם דאָס מיידעל ליעב געקראָגען און געבענקט נאָך איהם, ווי מען בענקט נאָך דעם ערשטען ליעבהאָבער...

# דריטער קאַפּיטעל.

## הירהור תשובה.

צו־מאָרגענס אין דער פריה, שבת, ווען די זון איז נאָר־
וואָס אַרויף אויפ'ן הימעל און האָט אָנגעהויבען צו טריקענען די
בוימער און די שטיינער פונ'ם פייכטען טוי, וואָס האָט זיך
געלעגט איבער זיי ביי דער נאַכט, האָט זיך רב שלמה אין ברייט־
טען זיידענעם שלאָף־ראָק, אין קאַפּעל אויפ'ן קאָפּ, אַרויף און
אַראָב געדרעהט אין דער קליינער אַליי, וואָס אין זיין גערטענ־
דיל, און האָט געקלערט וועגען זיין יונג ווייבעל און וועגען די
קינדער. רב שלמה האָט זיך מיט אַלע מעגליכקייטען געהיט, אַז
שבת זאָלען איהם, חלילה, נישט קומען אויפ'ן זינען געדאַנקען
וועגען געשעפט און אויך ניט אַזעלכע געדאַנקען, וועלכע זאָ־
לען איהם טרויעריג מאַכען — עס איז שבת. צופרידען מיט זיך
און מיט אַלץ, וואָס אַרום איהם, האָט ער אינערליך גאָט גע־
דאַנקט פאַר אַלץ און געהאָפט אויף דער רבונו של עולם, אַז ער
וועט איהם, חלילה, נישט ברענגען צו קיין נסיון. אונטערגעזונ־
גען פאַר זיך זיין געוועהנליך ניגונדיל, די הענד פערלעגט, האָט
ער זיך צוגעקוקט צו די פרוכטען, ווי זיי ווערען רייף אויף די
בוימער, צו די בלומען, וואָס וואַקסען אונטער זיינע פיס, און גע־
טראַכט זיך: „העם רבונו של עולמ'ס מעשים! מלא כל הארץ
כבודו".

דערווייל האָט די דינסט אַרויסגעטראָגען אויף דער וועראַנ־
דע אין גערטענדיל אַריין טיי, וואָס איז געוואָרען צוגעגרייט שבת־
דיג, לויט דעם דין. רב שלמה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער
וועראַנדע, וואָס קוקט אין געסיל אַרויס. איז אָנגעקומען, ווי דער
שטייגער איז, רב חאַצקעל, אַ יוד אַ שכן, וואָס איז אַן אַיינגעהער
ביי רב שלמה'ן, אַ האַלבער מעקלער, אַ האַלבער סוחר, און האָט

שטענדיג געדאַרפט רב שלמה׳ס אַ טובה. אַ היימישער איז ער אין שטוב. רב חאַצקעל קומט שטענדיג שבת אין דער־פריה צו רב שלמה׳ן אין גאָרטען אַריין אויף אַ גלעזיל טיי און דערצעהלט איהם, וואָס עס איז אַ גאַנצע וואָך אין שטעדטיל פאָרגעקומען. גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עס זאָל איהם ווער נישט אויסכאַפּען דאָס נייעס, פעדערט ער זיך דער ערשטער און פאַר־טאָג שוין דרעהט ער זיך אין געסיל אַרום און וואַרט, אַז דער לאָדען פון רב שלמה׳ס פענסטער זאָל זיך עפענען. ווייס ער, אַז רב שלמה איז שוין אויף, קומט ער אין גערטענדיל אַריין „גוט־שבת" ביטען און דאָס גלעזיל טיי טרינקען. רב שלמה ווינקט איהם מיט דער האַנד, ער זאָל זיך זעצען, און הייסט חער דינסט, אַז זי זאָל אַ גלאָז טיי דערלאַנגען.

— וואָס הערט מען עפּיס נייעס, חאַצקעל?

חאַצקעל האָט נאָר געוואַרט דערויף, און רב שלמה האָט שוין געזעהן, אַז יענער האָט עפּיס וויכטיגס מיטצוטיילען — ווייל חאַצקעל האָט אומגעדולדיג דאָס שפּיץ בערדיל זיך געצופּט — דאָס נייעס האָט איהם געפּיקט.

איצט, ווייל רב שלמה האָט איהם געפרעגט, פּרובט ער זיך איינהאַלטען. לאַנג זיך איינהאַלטען קאָן ער אָבער נישט, ברעכט ער אַרויס מיט אימפּעט:

— עס האָט זיך פערלאָפען זעהר אַ מיאוס׳ע מעשה אין אונזער שטאָדט, רב שלמה: מיר וועלען ווערען צו געלעכטער איבער דער גאַנצער וועלט, אַלע וועלען מיט אונז צו טון האָבען.

רב שלמה ווערט נייגעריג:

— וואָס אַזוינס?

— עס איז נישט שעֶן צו דערצעהלען, רב שלמה.

אַנדערע בעלי־בתים האָבען שוין אָפּגעוואַרט אין געסיל, אַז רב שלמה זאָל זיך אויפהויבען, כדי איהם אויך צו דערצעהלען די מעשה. געזעהן, אַז חאַצקעל האָט אויסגעכאַפּט, זיצט שוין ביי איהם אין גערטענדיל, — קומען זיי צו צום טיר פון גערטענדיל, שטעקען אַריין די קעפּ צווישען די ביימער און זאָגען אַריין „גוט־שבת".

חאַצקעל זעהט די בעלי־בתים, האָט מורא, מען זאָל ביי איהם ניט אויסכאַפּען דאָס נייעס, דערצעהלט ער בסוד:

— רב ליב־בער׳ן, דעם דיין אונזערן, האָט מען געכאַפּט ביי אַ מיאוס׳ער עבירה.

— וואָס? — פרעגט רב שלמה ערשטוינט.

— נישט שען צו דערצעהלען, רב שלמה. די בעל־עגלות־יונגען, די פישער האָבען איהם געכאַפּט. עס קלינגט דאָס גאַנצע שטעדטיל. אַ מיאוס׳ע מעשה.

דערוויל איז שוין נאָטע בעל־עגלה דאָ, מיט זיין ברייטען דיקען קול. בייז דערויף, וואָס חאַצקעל האָט אויסגעכאַפּט דאָס נייעס, האַלט ער זיך איין מיט אַלע מעגליכקייטען פאַר רב שלמה׳ן, שטעקט אַריין דעם קאָפּ צווישען די קשאַקעס אין גערטענדיל:

— גוט־שבת, ר׳ שלמה, — הויבט ער אָן, ווי רעדער וואָל־טען הורך דעם געסיל דורכגעפאָהרען, — שוין אַודאי געהערט, חאַצקעל שוין דאָ.

חאַצקעל נעמט זיך איצט דערצעהלען די מעשה, נור נאָטע כאַפּט איהם אויס:

— וואָס דערצעהלט ער דאָ? האָרכט מיך אויס, רב שלמה. מיר געהען זיך אַזוי נעכטען באָדען, איך מיט איהם — ווייזט ער אויף אַייזיקל פישער־יונג, וועלכער איז אויך געקומען צו לויפען צום גערטענדיל צו, ציטערט פאַר רב שלמה׳ן און האָט מורא אַ וואָרט אויסצורעדען. — שפּעטליך איז עס געווען, טאַקע וואָהר, אַ שטיק שוין אַריין אין שבת. די ליכטלעך האָבען שוין אין די פענסטער געברענט, און אויף דער פּאָלאַנקע צווישען די ביימער איז שוין טונקעל געווען. וואָס טוט, רב שלמה? שפּעט אָנגעקומען פון וועג, אין די בגדים פון שטאַל פּאַסט דאָך נישט צו געהן אין בית־המדרש אַריין, איז מען געגאַנגען דעם ברוך פון ליב אָבשווענקען. ווי מיר קריכען אַזוי אַרויס פון וואַסער, זעה איך פון דערווייטענס, ווי צווישען די קשאַקעס אויף יענער זייט טייך שלייכט זיך עפּיס, ווי אַ הונט וואָלט געבלאָנדזשעט. האָב איך געמיינט, אַז דאָס זענען די גנבים פון מאַנדריק׳ס זיל־בערנע לייכטערס, וואָס זיי האָבען פאַראַכטאָגען שבת אַרויסגע־גנב׳עט און גראָבען זיי איצט אויס פון דר׳ערד. גיב איך אַ מאַך צו אַייזיקלען: „לעג דיך אין די גרעזער אַריין“. מיר האָבען זיך אַוועקגעלעגט אין די גרעזער, און דאָ רודערט עס ווידער

צווישען די קשאַקעס. מיר זענען אין דער שטיל פערקראָכען אָן אַ זייט אויף יענער זייט טייך, — אין דער שטיל אין די קשאַקעס אַריין. נאַכט איז עס שוין געווען, נאַס איז געווען, און דאָ יאָגט מען פון די קשאַקעס אַרויס די מיינקע, די שיקסע פון דער גאַס. איך גיב אַ קוק — אוי, וועה מיר! רב ליב-בער, דער דיין, אין דער זיידענער קאַפּאָטע, דאָס שטריימעל אַראָבגעפאַלען פון קאָפּ. „רבי! וואָס טוט איהר דאָ?" — פרעג איך. ענטפערט ער קיין וואָרט ניט. די פּיאות טרייסלען זיך, אַליין איז ער בלייך. „רבי, אַזעלכע מעשיות טוט איהר?" — גיב איך אַ שריי אויס, און ווי איך גיב איהם ניט דעם ערשטען פּלאַם אין פּנים אַריין, ברידט מיר נאָך די האַנד. „צום רב קומט!" אַראָב דעם גאַרטעל, אַ כאַפּ אַרום איהם, אַרויף אויפ'ן אַקסעל, ער — חייזט ער אויף אַייזיקלען — האָט זיך געגעבען אַ לאָז נאָך די שיקסע, די האָר צעפּלאָשעט, נאַס. איך — דעם דיין, ער — די שיקסע, און מיר גיבען זיי ביידע אַ טראַג אין שטאָדט אַריין, אַ נעם אַריין צום רב, אַ שטעל אַוועק: „רבי, זיי האָבען מיר געכאַפּט". געוואָלט נאָך נעכטען אַריינגעהן אייך דער-צעהלען — איז שוין געווען שפּעט, נישט געוואָלט.

— אַזוי איז עס געווען, רב שלמה — ברעכט צום סוף אַרויס אַייזיקל פישער-יונג, וועלכער איז געווען אַן אויסגעדינטער סאָל-דאַט, און שטעהט פאַר רב שלמה'ן, ווי פאַר דעם אָפיציר, האַלט די האַנד אונטערן שטערן און שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ.

— גענוג שוין, גענוג שוין, — ענטפערט חאַצקעל אָב פאַר רב שלמה צו די יונגע בעלי-הבתים און ווינקט זיי מיט דער האַנד, אַז זיי זאָלען אַוועקגעהן. זיי ווילען אָבער נישט האָרכען און וואַרטען הינטער די שטאַכעטען פון גאָרטען.

רב שלמה איז אַ ביסעל בלייך געוואָרען, געבליבען זיצען ביים טיש און געקוקט פאַר זיך, אָהן אַ מחשבה. באַלד האָט זיך דערהערט פון די אָפענע פענסטער, וואָס געהען אין גערטענדיל אַרויס, דעם איידעמס קול תורה. ער זיצט מיט דעם יונגעל, מיט חיימ'ל, אין סאַלע, און זיי לערנען דעם שיעור פאַר'ן דאַווענען. עס הערט זיך אייך עוזר'ס קול. רב שלמה ווערט אַ ביסעל פערשעמט, וואָס ער זיצט דאָ אין גאָרטען און האָרכט אויס אַזעלכע מעשיות,

הויבט ער זיך אויף, זאָגט „אַ גוטען־שבת, יודען" און געהט אין שטוב אַריין.

אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, האָט ער דערזעהן חנה'לען, וועלכע איז שוין אויף געווען, און איהר ווייסער געטאָקטער האַלז מיט דער אַלבאַסטער־ברוסט, דורכגעוועבט מיט די בלאָהע פעדימלעך פון די אָדערן, קוקט אַרויס פון בעט. איהרע שענע גרויסע אויגען האַלט זי אָפען, און זיי קוקען צו איהם ליעבליך און גלעטען מיט זייערע ווייכע בליקען זיינע אויגען, זיין פנים. זעהט זיך אויס, דאָס ווייבעל איז געוואָרען צו איהם היימישער און צוגעבונדענער דורך דער נאַכט, און האָט איהם שוין מוחל געווען דאָס, וואָס עס איז נעכטען פאָרגעקומען. אָבער רב שלמה האָט נישט געקאָנט צו איהר צוגעהן, נאָכדעם וואָס ער האָט אין דרויסען געהערט... ער האָט זיך געפיהלט אינערליך ריין, בעת ער האָט חנה'לען דערזעהן, און אַ גרויסע אינערליכע פרייד און אַ ריינקייט האָט איהם אַרומגענומען, און ער האָט גאָט געדאַנקט דערפאַר. ער איז אַריין צו זיך איבערטון זיך. געשפירט אויף זיך די שבת'דיגע בגדים, איז ער אַריין אין דער סאַלע, וואו אַרום דעם ברייטען גרויסען אַמפיר־טיש, מיט'ן שענעם גאָלד־געהאַפטענעם שבת־טוך בעדעקט, איז געזעסען דער איידעם מיט'ן יונגעל און האָבען אויפ'ן קול געלערנט. דער בכור איז געזעסען אָן אַ זייט און שטיל אונטערגעברומט. רב שלמה האָט זיך אַוועקגעזעצט איבען־אָן און גענומען דעם חומש מעביר צו זיין די סדרה.

ביים חומש איז רב שלמה ניט געווען אַזוי רוהיג, ווי יעדעס מאָל. די מעשה, וואָס ער האָט היינט געהערט, האָט איהם געשטערט אין אַרויסגעצויגען פון זיין שבת'קייט. רב ליב־בער איז דער שענסטער יונגער־מאַן אין שטאָדט. אַן עלוי, געהאַט אַ היתר הוראה נאָך בחור־ווייז. אַן אָרים־בחור געווען, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ היגען בעל־הבית אַ נגיד. דאָס ווייבעל איז טאַקע נישט געווען קיין שענע, בלינה אויף איין אויג, נאָר דער שווער האָט איהם צוגעזאָגט קעסט כל ימיו. עס האָט זיך באַלד אויסגעלאָזט פון שווערס רייכקייט אַ גאָרנישט. דער שווער האָט באַנקראָטירט און געשטאָרבען פאַר עגמת נפש און איבערגעלאָזט נאָך זיך חובות. מען האָט געמאַכט דעם פאָר אַ שניט־געוועלב.

דאָס ווייבעל איז געשטאַנען אין שניט־קראָם, און ער איז געזעסען יומם ולילה און האָט געלערנט. באַלד האָט געקלונגען מיט איהם די וועלט. דער רב האָט מורא געהאַט פאַר איהם, ווייל פאַר אַ יום־טוב אָדער אַ זומערדיגען פרייטאָג, ווען די קאַטשקעס טרפ'נען זיך, און עס איז דאָ אַ סך שאלות, פלעגט מען צו איהם קומען מיט די שאלות. פאַר אַ צדיק איז ער געווען בעוואוסט. אַ יושב אוהל, און זיין דאַווגען, זיין לערנען, — האָט מען איהם געמאַכט פאַר אַ דיין. און זיין נאָמען איז נאָך גרעסער געוואָרען. אַ גרויסער פרומער יוד, יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג געפאַסט, אין די דריי וואָכען איז ער אין קאַלטען פאָליש געזעסען אין די זאָקען און חצות אָבגעריכט. מען האָט שוין באַלד אָנגעהויבען צו טראָגען צו איהם קוויטלעך, און דאָ אַזאַ מעשה — די האָר שטעלען זיך קאַפויר! „געראַנגעלט זיך מיט'ן יצר הרע, געראַנגעלט זיך, ביז דער יצר הרע האָט איהם בייגעקומען"...

„ברענג מיך נישט צו קיין נסיון" — האָט רב שלמה אין האַרצען געבעטען, און ער האָט זיך אָנגעהויבען צו דערמאָנען אָן זיינע נסיונות. צי איז ער אויך נישט אַזוי ווי רב ליב בער? נאָר וואָס? קיינער ווייס נישט דערפון. אמת, ביי איהר, זינט ער איז מיט חנה'לען, האָט איהם דער יצר הרע אָבגעלאָזען. אָבער ביי יענער, ביי נעכען, אין פערשיידענע אכסניות, אויפן וועג... און וויפיעל מאָל עובר געווען אויף לא תחמוד, געקוקט אויף פרעמדע ווייבלעך... און מעשיות מיט דינסט־מוידען... אוי, איז ער געלעגען פעסט אין יצר הרע'ס האַנד. אַ רשע, און פאַרוואָס קומט איהם דאָס איצט צו זיצען אין דעם זיידענעם ראָק ביים חומש, און דער איידעם און דער זוהן נעבען איהם, און דרינען טוט זיך זיין ווייבעל אָן צום שול־געהן?..

ער האָט געפרובט אַוועקיאָגען פון זיך די מחשבות. — עס איז היינט שבת. און ער האָט זיך אַריינגעלאָזט טיף אין דער סדרה אַריין, אָבער פערשיידענע בילדער זענען איהם פאַר די אויגען שטעהן געבליבען ווי לעבעדיג... גאָט, ווי מיאוס ער איז! אַן אומווירדיגקייט און אַ פעראַכטונג צו זיך האָט איהם אַרומגענומען. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון טיש און אַרומגעדרעהט זיך איבערן שטוב פערטראָגען, און אַלע זיינע פערבאָרגענע

מעשים זענען איהם געשטאַנען פאַר די אויגען. און דערנאָך, אַז ער איז אַריין אין דער צווייטער שטוב און האָט דערזעהן, ווי חנה׳לע ביים שפיגעל אין שוואַרצען זיידענעם קלייד טוט אָן די פעריל אויפ׳ן האַלז מיט די ווייסע זיידענע שפיצען — האָט זי איהם אויסגעזעהן ווי אַ פריצטע, ווי אַ פרינצעסין, און ער האָט ביי זיך אויסגעזעהן ווי אַ פערדס־יונג, וואָס איז נישט ווערט צו שטעהן אין איהרע ד׳ אמות, און האָט זיך נישט געטרויט צו־צוגעהן צו איהר...

כדי צו פעריאָגען זיינע געדאַנקען, איז רב שלמה היינט פריהער געגאַנגען אין בית־המדרש אַריין, ווי אַן אַנדערש מאָל, און אַוועקגעשטעלט זיך אויף זיין שטאָט אויבען אָן אין דער מזרח־וואַנט נעבען רב. און איידער דער חזן האָט אָנגעהויבען צו דאַוונען, האָט ער אַרויסגענומען דעם חובת הלבבות, וואָס ער האָט ליגען אין שטענדער, אַריינגעקוקט אין איהם און פער־טראַכט זיך וועגען זיך, וועגען יצר הרע, ווי אַ מענש מוז זיך דערווייטערן פון שלעכטס, און די גאַנצע צייט ביים דאַוונען און לייענען האָט ער אין האַרץ נאָר געהאַט איין תפילה: „רבונו של עולם, דערווייטער פון מיר דעם שטן און ברענג מיך נישט צו קיין נסיון!“

דער בית־המדרש איז דערווייל געוואָרען אָנגעפּראָפּט מיט יודען. שבת׳דיג איז געווען, די זון האָט נאָר ליכטיגער גע־שיינט, ווי אַן אַנדערש מאָל, מיט מעהר גלאַנץ. ענג און וואַ־רים איז געווען אין בית־המדרש. פון דער ווייבער־שול האָבען אַראָבגעקוקט די שענע ווייבער מיט די בריליאַנטענע שטערנטיכלעך. דער חזן האָט שען געדאַווענט, און די יונגלעך האָבען זיך די קעהלער אויסגעשריען פון נאָכזאָגען „אָמן יהא שמיה רבא“. מען האָט פערקויפט דאָס לייענען. יודען האָבען געקראָגען אַ גרויס חשק צו עליות, און מען האָט זיך געיאָגט נאָך די עליות אין די רענדלעך אַריין. איינער דעם אַנדערן אויסגעדונגען, ווי עס וואָלט געגאַנגען אַ גרויס געשעפט מאַכען. צוויי שניידער־געזעלען, וואָס האָבען זיך געקויפט הוצאה, זענען אַרויף אין די טליתים צום אָרון. דער גאַנצער בית־המדרש האָט זיי נאָכגע־קוקט — צו וואָס שניידער־געזעלען דערגעהען שוין היינטיגע יאָה־

רען, קיפּען זיך פּתיחה! אין די באַקען זענען רויט געווען ווי פייער. דער חזן האָט גענומען פון זייערע הענד די ספר תורה און בעוויזען עס די יודען. יודען האָבען זיך געפרעהט מיט דער ספר-תורה. אין דעם שבת׳דיגען מענטעלע איז עס געגאַנגען אָנגעטאָן, מיט דער זילבערנער קרוין אויף די עץ-חיימ׳לעך. וואָס רב שלמה האָט געהאַט צו זיין טאָכטערס חתונה געשענקט. יעדער האָט די ספר-תורה געקושט, און מען האָט עס אויפ׳ן בעלעמער אַרויפגעטראָגען, און דער חזן האָט אָנגעהויבען צו עליות צו רופען. עס זענען געגאַנגען בעלי-בתים, גבאים, — די קאַרפען-קעפּ פון שטאָדט. דער בעל-קורא, דער מלאַווער בחור, וואָס איז אַ גרויסער בעל דקדוק, האָט שוין געלייענט און געשטעלט דעם טראָפּ אויף יעדען וואָרט. יודען האָבען אין די חומשים אַריינגעקוקט און הנאה געהאַט פון זיין טראָפּ שטעלען.

און ווי דער עולם איז אַזוי פערטאָן, „ווי אַזוי מען זאָל זיך בעגעהן מיט׳ן פיינד, ווען מען וועט אַ שטאָדט איינעמען, ווי מען זאָל די בוימער נישט אויסהאַקען פון דער איינגענומענער שטאָדט“, — ווערט אַ גרויס גערודער אין בית-המדרש. יודען שרייען: „אַרויס, אַרויס!“ און צווישען עולם רייסט זיך אַריין אַ בלאַסער צעבלוטיגטער יונגערמאַן. די אַטלעסענע קאַפּאָטע אָפּגעריסען אויף איהם, די האָר פון באָרד און די פּאות אויסגעריסען, דאָס האַרץ קוקט אַרויס פון דעם צעריסענעם העמד, דער פּנים צעבלוטיגט, צעקרעלט, אַ שטריק אַרומגעוויקעלט אַרום די לענדען, — האָט ער זיך אַריינגעריסען מיט זיינע דאַרע צעקאַליעטשעטע נאַקעטע הענד צווישען עולם, אַרויף אויפ׳ן בעלעמער און געגעבען אַ קלאַפּ אין טיש און געשריען: „יודען, איך בין אַ חוטא! איך האָב זיך אַזוי לאַנג געלאָזט אָנרעדען פון יצר-הרע, ביז איך בין פערפיהרט געוואָרען פון איהם! יודען, די גאַנצע תוכחה פון דער תורה זאָל קומען אויף מיין קאָפּ! יודען, שלאָגט מיך!“ — און דער חוטא האָט זיך געגעבען אַ וואָרף אויף דר׳ערד פאַר דער תורה.

עס איז געוואָרען אַ גערודער. בעלי-בתים האָבען געשריען:
וואַרפט איהם אַרויס, וואַרפט איהם אַרויס! באַלד האָבען אַ פּאָר

בעלי־עגלות איהם אויסגעהויבען פון דר'ערד און אַרויסגעטראָגען אין פּאָליש אַריין.

דער עולם האָט זיך באַלד בערוהיגט. אין בית־המדרש האָט זיך ווייטער געפיהרט די תּפילה פאַר גאָט. דער בעל־קורא האָט געענדיגט לייענען, דער חזן האָט זיך גענומען צום מוסף. נאָר עפּיס איז שוין דער דאַוונען געווען צעשטערט, אַלע האָבען גע־קלערט וועגען דער מעשה, — און פון פּאָליש, וואו דער חוטא ליגט, דרינגט אַריין יעדעס מאָל אַ רעש און אַ געדודער.

רב שלמה איז איצט געשטאַנען ביים שטענדער, פער־שטעלט דעם פּנים מיט'ן טלית, און האָט געקלערט וועגען זיך — אַז אייגענטליך האָט ער אויך געדאַרפט אַזוי אַרויסגעהן, ווי דער יוד, אויפ'ן בעלעמער און פאַר אַלעמען דערצעהלען זיינע חטאים און זיך אַוועקלעגען אויף דר'ערד, אַז מען זאָל איהם שלאָגען. נאָר דאָס בילד, ווי ער שטעהט אויפ'ן בעלעמער און איז זיך מתודה, האָט ער זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלען. און נאָכדעם ווי ער האָט געזעהן דעם דיין מיט די צעריסענע בגדים אויפ'ן בעלעמער, איז ער פיעל רוהיגער געוואָרען, און ער האָט זיך געזאָגט: „אַזוי זענען מיר, מענשען. דער מענש איז זינדיג, אַלע זענען מיר זינדיג, און אַ גאָט איז דאָ, אַז ער זאָל מוחל זיין אונזערע זינד. און גאָט איז מוחל! וואָרום ווי וואָלט דען דער מענש געקאָנט לעבען, אַז גאָט וואָלט נישט געווען קיין אל רחום וחנון? וואָרום מיט יעדען טריט אונזערען טוען מיר אַ פעהלער, צי מיט דער מחשבה אָדער במעשה."

דער בטחון אין גאָט האָט איהם באַלד אינגאַנצען בערוהיגט, און ער האָט צוריק געפונען זיין גאַנצקייט און צופרידענקייט מיט זיך און אין האַרץ אַפילו פערגעבען דעם דיין, וואָס ער האָט זיך אַזוי מבזה געמאַכט. „האָסט געזינדיגט, בעט צו גאָט, — האָט ער געזאָגט אין האַרץ — וואָס מאַכסטו פול אַ וועלט?"

אַז רב שלמה איז אַרויס פון בית־המדרש, האָט ער דער־זעהן דעם דיין ליגען ביי דער טיר פון בית־המדרש, אַ בלוי־כען מיט אַן אויפגעריסען העמד, און יעדער, וואָס איז אַדורכ־געגאַנגען, האָט איהם געגעבען אַ שטורך, אַ שפּיי, און מעהרסטען די, וואָס האָבען איהם געשלאָגען, זענען געווען בעלי־עגלות,

מיט קצבים-יונגען. עס זענען געשטאַנען נעבען איהם נאָטע בעל-עגלה מיט אייזיקל פישער-יונג און האָבען דערצעהלט בקול רם, ווי אַזוי זיי האָבען איהם נעלטען געפּאַקט, און איהם גע-שלאָגען מיט די זעלנערישע פּאַסקעס, וואָס זיי האָבען געהאַל-טען אין דער האַנד.

אַז רב שלמה האָט זיי דערזעהן, ווי זיי שלאָגען דעם יוד, האָט ער געגעבען אַ געשריי אויף זיי:

— וואָס שלאָגט איהר איהם? וואָס איז די מעשה? איהר זענט בעסער? איהר זענט די צדיקים?

די יונגען האָבען זיך פערשעמט פאַר רב שלמה'ס ווער-טער, צוריק אָנגעטאָן די פּאַסקעס אויף די הויזען און זיך אָב-געטראָגען.

— אַהיים געה, דו שוטה! — האָט רב שלמה געגעבען אַ גע-שריי אויפ'ן דיין, וואָס איז געלעגען אַ פער'חלש'טער אויף דר'ערד — האָסט געזינדיגט, בעט צו גאָט, זאָל ער דיר מוחל זיין. ווי ער מאַכט פול מיט זיך אַ וועלט!

דער דיין האָט זיך פון דר'ערד אויפגעהויבען.

— פיהרט איהם אַהים, לייזער, בעריל — האָט רב שלמה אַ געשריי געגעבען אויף זיינע צוויי פערדס-יונגען, וואָס האָבען מיט'ן בעל-הבית געדאַווענט אין בית-המדרש, — און זעהט, אַז מען זאָל איהם איפ'ן וועג קיין שלעכטס נישט טון, און זאָגט אָן זיין ווייב, אַז זי זאָל איהם נישט אַרויסלאָזען. געהערט?

— געהערט, בעל-הבית!

די צוויי יונגען, ווי צוויי דעמבעס, האָבען דעם דיין אונ-טער די אָרעמס גענומען און איהם איבער'ן שטעדטיל אַהיים געפיהרט, און אַז אַ יונג האָט געוואָלט צוגעהן צו איהם און איהם „דערלאַנגען", האָבען זיי געשריען: „לאָז אָב, לאָז אָב! רב שלמה האָט נישט געהייסען".

און דאָס איז געווען גענוג, אַז דער יוד זאָל בשלום אַהיים קומען.

רב שלמה איז דערווייל אַהיים געגאַנגען פון בית-המדרש מיט די זייניגע. דאָס האַרץ איז איהם רוהיגער געוואָרען, און ער האָט צוריק געפונען זיין שבת'דיגקייט. אָנגעטראָפען האָט

ער אויפ'ן וועג דעם שוחט-חזן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער חסיד און געגאַנגען מיט איהם אינאיינעם. דער שוחט האָט גע־קרעכצט און זאָגט צו רב שלמה'ן:

— דאָס איז דערפאַר, רב שלמה, וואָס אַ מענש פערלאָזט זיך אויף זיין אייגענעם כח. טאַקע ער איז געווען אַ שטאַרקער יוד, נאָר וואָס שטאַרקער דער יוד איז, אַלץ שטאַרקער איז זיין יצר הרע. און זיך פערלאָזען אויף זיך טאָר מען נישט. געראַנגעלט זיך מיט'ן יצר הרע, געראַנגעלט זיך, ביז ער איז איהם ביי־געקומען.

— אָבער ווי אַזוי איז ער געקומען דערצו? ווי האָט דער יוד נישט מורא געהאַט?

— מיינט איהר, אַז עס איז געווען פון היינט? ווער ווייסט, וויפיעל מחשבות זרות ס'זענען פריהער געווען? ביים לערנען, ביים דאַווענען, און דאָס גאַנצע לערנען און דאַווענען איז געוואָרען צו נישט פאַר'ן שטן, רחמנא לצלן.

— נו, עס איז שבת, רב מרדכי, — זאָגט רב שלמה, — און מעצער זיין זיך טאָר מען נישט. און טוט אַ יוד אַן עבירה, איז ער נאָך ניט פערפאַלען — טרייסט דערווייל רב שלמה זיך אַליין. אויך איז דאָ תשובה, ווי זאָגען די חכמים: „במקום שבעלי תשובה עומדים"... אַ ביסעל לערנען קאָן איך נאָך. און דער גאָסטינינער רבי האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אַ יוד אָהן אַן עבירה איז גאָר נישטאָ. אַ יוד מוז האָבען עפּיס אויף זיין נשמה, כדי ער זאָל קאָנען זיין אַן אמת'ער יוד, מיט אַ צעבראָכען האַרץ. וואָרום אַזוי ווי אַ בוים, וואָס קאָן אַנדערש נישט וואַקסען, סיי־דען ער שטעהט אויף דער לופט, און רעגען און האָגעל פאַ־לען אויף איהם, און דער ווינט יאָגט איבער איהם, און דאָס זאַמד און מיסט קלייבט זיך אַרום זיין שאָלעכץ, אַזוי מוז אַ יוד זיין. אַ יוד אַ צדיק, וואָס האָט גאָרנישט אויף זיין נשמה, קאָן זעהר לייכט קומען צו גאוה, ווערט שטאָלץ און איז אַלץ מבטל. איך קען אַזעלכע יודען, רב מרדכי. אָבער אַ יוד מיט אַן עבירה אויף דער נשמה האָט שטענדיג אַ צעבראָכען האַרץ. איך זאָג אייך, אַז פון דעם דיין קאָן נאָך ווערען אַ גרויסער צדיק. אַ יוד דאַרף אַלץ פיהלען אויף זיך: אי רעגען, אי ווינט,

ווי דער בוים אויפ'ן גאַס. אַ גרויסער צדיק און אַ גרויסער יוד איז דער גאָסטינינער רבי. אַי, זאָגט ער גוט: „אַ יוד דאַרף זיין ווי דער בוים, אַלײן דאַרף ער האָבען אויך זיין נשמה: אי דעם טעם פון דער עבֿרה אי דעם טעם פון דער מצוה". יאָ, רב מרדכי, מיר אַלע זענען נישט ריין פון זינד, אַלע האָבען מיר עפּיס אויף דער נשמה — אַ גוטען שבת, רב מרדכי, אַ גוטען שבת!

אַז רב שלמה איז אַריינגעקומען צו זיך אין שטוב אַריין, איז צוריקגעקומען אויף איהם דער עונג פון שבת. געטרייסט האָט ער זיך מיט די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט רב מרדכי'ן, און דאָס זענען געווען די ווערטער פון דעם גאָסטינינער רבי, וואָס ער האָט איהם געזאָגט, ווען רב שלמה האָט זיך אַמאָל געקלאָגט פאַר איהם דערויף, וואָס דער יצר-הרע לאָזט איהם ניט צו רוה... ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם רבי'נס ווערטער און האָט צוריקגעקראָגען זיין פרעהליכקייט און פעסטקייט. אַז דאָס ווייבעל איז פון שול אַהיים געקומען, און דער זיבעטער חן האָט גערוהט אויף איהר, האָט ער זיך שוין נישט געפיהלט, ווי פריהער, אומווירדיג. איז ער צוגעגאַנגען צו איהר, אָנגענומען זי ביי דער האַנד און געזאָגט אין דער שטיל: „גוט-שבת, חנה'לע, געזונט זאָלסטו מיר לעבען", און זי האָט איהם אויך געענטפערט אין דער שטיל: „גוט יאָהר, שלמה, מיר זאָלען נחת דערלעבען אינאיינעם". דאָס זענען געווען די געטרייע ווערטער, וואָס זיי האָבען גערעדט צווישען זיך אין דער שטיל. און ברייט האָט זיך רב שלמה אַוועקגעזעצט ביים טיש. געדעקט איז שוין געווען דער טיש אין דער גרויסער שטוב, פאַר זיי און פאַר די אורחים אינאיינעם. חנה'לע האָט געוואָלט געפעלען דעם מאַן, האָט זי די אורחים אַוועקגעזעצט אין מיטען טיש און אויך פאַר זיי געדעקט מיט זילבערן לעפעל און מעסער. דער שבת איז געווען ביי רב שלמה'ן אַ ברייטער און אַ פעטער. נישט אומזיסט האָבען די אורחים אָנגעלעגט וועג, אַבי נור אָנצוציהען אויף שבת אין שטעדטיל אַריין. דער טעם פון רב שלמה'ס קוגעל איז זיי דערנאָך געלעגען אַ גאַנצע וואָך אין מויל. חנה'לע האָט אויך געוואָלט וויזען רב שלמה'ן, אַז

זי קאָן ווירטשאַפטען נישט ערגער, ווי דאָס פריהערדיגע ווייב. און פון אַ רייך הויז איז זי אַרויסגעקומען, און איידעלע מאכלים האָט מען געגעסען ביי זיי — האָט זי זיך דערמאָנט אַלץ נאָר דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, וואָס איהר מוטער האָט געמאַכט אויף אַ יום-טוב, און האָט דאָס איצט אָנגעגרייט אויף אַ שבת.

רב שלמה האָט ליעב געהאַט גוט און פיעל צו עסען. האָט מען צוערשט דערלאַנגט די גרויסע קאַרפען-קעפ איפ'ן טיש; די ברייטע שטיקער פיש מיט דער געגליווערטער פיש-יויך, דעם גוטען טרונק בראַנפען נאָך די פיש און דאָס ביסעל גוטע לעבערלעך, דורכגעהאַקט מיט ציבעלעס מיט גריוון און דורכגעמישט מיט גענזען-שמאַלץ און מיט פעפער בעשיט, אַז עס שמעקט פון דערווייטענס. נאָך די ציבעלעס מאַכט מען אַ הפסקה. געשיקט דערווייל נאָכ'ן טשאָלענט, זינגט מען דערווייל די שענע זמירות. די אורחים זענען שוין אַ ביסעל פרעהליך פון שטאַרקען טרונק בראַנפען. רב שלמה מאַכט מיט זיי אַ שמועס וועגען די ווייטע מקומות, פון וואַנען זיי קומען. און אַ יוד דערצעהלט אַ מעשה פון אַ למד-ואו'ניק, וואָס האָט זיך געלאָזט נע ונד זיין. ער אַליין האָט איהם געקענט. ער האָט זיך געטראָפען מיט איהם אויפ'ן וועג, און זיי זענען געגאַנגען איבער וועלדער אַליין. נור יעדעס מאָל פערשטעלט ער זיך, און מען קאָן איהם נישט דערקענען. קוקט חיימ'ל דאָס יונגעל מיט גלאַנצענדיגע אויגען אויף די אורחים, אפשר זיצט דער למד-ואו'ניק צווישען זיי, און אפשר געפינט זיך גאָר אליהו הנביא צווישען זיי. צי וועניג מעשיות האָט ער זיך דען אָנגעלייענט, ווי אליהו הנביא געהט אַרום איבער יודישע מערק און יודישע שטעדטלעך, כדי יודען צו העלפען? און ער האָט גרויס דרך-ארץ פאַר'ן טאַטען, וואָס דער טאַטע נעמט אַזוי פיעל אורחים אַהיים, און מאַכט ביי זיך אָב: אַז ער וועט גרויס ווערען און אַ הויז פיהרען, וועט ער איבערנעמען דעם טאַטענס מדה און אויך אורחים מכבד זיין. דערלאַנגט מען אויף דעם טיש דעם פעטען קוגעל. דאָס שמאַלץ טריפט פון די מאכלים, פון דעם מעגעלע און די טשאָלענט-קאַרטאָפעל, און דאָס געבראָטענע גענזעס מיט דער שוואַרצער קאַשע, און וויין טרינקט מען צו דערצו. פאַר

יעדען בעזונדער שטעהט אַ בעכער אָנגעגרייט. און פון דעם גו־
טען אונגאַרישען ווײַן „טאָקייער“ איז דער טאַטע נאָר מכבד צום
בענטשען. מיט בענטשען איז ער היינט מכבד דעם עלטסטען
פון די אורחים. און נאָך דעם פעטען עסען פֿיהלט מען דאָך
עפּיס אַ מידקייט, גלוסט זיך אַ גלעזעל לימאָנאַד, מיט דעם פיי־
נעם ביסעל שלאָף. און אין אַ האַלב שעה אַרום ליגט שוין רב
שלמה אונטער דער ווייסער דעקע, די שוואַרצע לאַנגע באָרד
איז פעדשפּרייט איבער דעם ווייסען ליילעך, און דאָס ווייבעל,
נאָך אין דעם זיידענעם שוואַרצען קאַפּטענדעל, אין די פּעריל
מיט די בריליאַנטענע אוירינגלעך, זיצט אויפ'ן ראַנד פון בעט,
קוקט איהם מיט ליעבע אין די מידע אויגען אַריין, וואָס שלי־
סען זיך צום שלאָף, און שפּיעלט זיך לייכט מיט איהרע דינע
פינגערלעך מיט די האָר פון זיין באָרד. אַ מלכות'דיגער שמייכעל
שוועבט איבער רב שלמה'ס געזיכט, און אַזוי געהט ער אי־
בער מיט דעם שמייכעל אויף די ליפּען פון דער וואָהר אין
חלום אַריין...

אין אַ צוויי שעה אַרום וואַרטען שוין די מלמדים; זיי זע־
נען געקומען צו רב שלמה'ן פֿערהערען די קינדער. רב שלמה
שטעהט אויף פון שלאָף אַן אויסגערוהטער, אַ צופרידענער, די
קאַנטען פון די פּאות און באָרד זענען נאַס, זיצט ער אין דעם
גרויסען פאָטער־שטול פאַר דעם גרויסען חומש און פֿערהערט
די קינדער. ביים טיש אַרום זיצט דער איידעם מיט דעם יונגעל
אין דעם עלטסטען זוהן און לערנען הויך דעם שיעור. די זון
שיינט ברייט אַריין דורך די גרויסע אָפענע פענסטער. אין געסיל
איז שבת'דיג. שוין אויפגעשטאַנען די בעלי־עגלות פון שלאָף
און זיי זיצען פאַר די טירען פון זייערע הייזלעך; די מייד־
לעך פון שטאָדט אין די שבת'דיגע קליידלעך לאָזען זיך שוין
אין געסיל צום שפּאַציר, אַ יודינע אין אַ טערקיש טוך געהט
זיך בנעימות'דיג גוט־שבת־ביטען, און אַלע הערען פון רב
שלמה'ס פֿענסטער דאָס קול התורה, ווי עס רייסט זיך אַרויס
אין געסיל אַריין, און ווינשען זיך אין האַרצען, אַז זייערע קינ־
דער זאָלען דערלעבען צו אַזאַ גדולה, ווי רב שלמה.
באַלד קומען די ערשטע שבת־געסט: די מומע גיטעלע

מיט דעם פּעטער לייזער. עס איז דעם יונגען ווייבעלס משפּחה, וואָס וואוינען אין שטאָדט, פון די פיינע לייט ביז גאָר, רייכע לייט, האָבען געשענקט אין שול אַריין דעם „מזרח“. דער פּעטער — שוין מיט דעם געפּרעסטען קראַגענדיל און „שפּריכט דייטש“. עס קומט אַריין דער „שותּף“, רב אשר, מיט זיין ווייב, אויך פון די שענע יודען, רעדט וועניג, הערט אַ סך. און עס ווייזען זיך באַלד די שבּת'דיגע טיכער, געבראַכט פון די לייפּציגער מערק, מיט די קאַלישער פיין געשטיקטע שפּיצען, מיט די אַלטע יודישע גאָלדענע אוירינגלעך, מיט די ברייטע בראָשען, מיט די לאַנגע גאָלדענע קייטען. יודישע אויגען און יודישע פּנימ'ער. עס ווייזען זיך די ברייטע יודען מיט די גלאַנצענדיג=אַטלעסענע קאַפּאָטעס — געפּרעסטע קראַגענס און שוואַרצע בערד. די ווייבער בעזונדער, די מאַנספּאַרשוינען בעזונדער. און באַלד בעווייזט זיך אויפ'ן טיש דאָס גוטע גלעזעל „טאָקייער“ וויין מיט די ערשטע פּרוכטען „אויף אַ ברכה“ — ווינפּערלעך און רויטע פּאָזשאָמקעס מיט צוקער. די שטיבער ווערען פול מיט קינדער. אַלע יודען זענען משפּחה. די ווייבער רעדען צווישען זיך אין דער שטיל, דערצעהלען עפּיס פון פאַמיליען=אָנגעלעגענהייטען. די מענער רעדען פון שטאָדטישע ענינים. און דער שבּת ליגט איבער דער גאַנצער שטוב אויסגעגאָסען.

עס איז שוין געוואָרען פאַר נאַכט. שטיל, מיט צער שטאַרבט אָב אין יודישע שטעדט דער שבּת. די זון ברענט רויט אין עק הימעל, דער גיהנום — אונטערגעהייצט, און מען טרייבט שוין די זינדיגע נשמות אין דעם פייער אַריין... אין די שטיבער טונקעלט זיך. די יודען אויף די גאַסען געהען שפּאַצירען, און דער „גאָט פון אברהם“ לעגט זיך אין אַלייכטען פערטרויערטען נעפּעל איבער דער גאַס. עס איז דער שטילער צער פון חורבן בית המקדש, וואָס רוהט שבּת צו שלש סעודות איבער די יודישע שטעדטלעך. חנה'לע שטעהט ביים פענסטער, קוקט אין טונקעלן געסיל אַרויס און קלערט וועגען דעם נייגעבאָרענעם, וואָס שטעהט איהר פאָר... זי וועט אַ מוטער זיין. און דער רבונו של עולם זאָל איהר העלפען, אַז זי זאָל נישט פערשעמט ווערען... אין שטוב איז טונקעל. קיינער איז נישטאָ.

דער איידעם איז אַרונטערגעגאַנגען צום רבֿ צו שלש סעודות און האָט מיטגענומען חיים׳לען. די קינדער קומען אַריין. און אין האַרצען בעט זי: „רבונו של עולם, גיב מיר חן אין מיין מאַנס אויגען און אין די קינדערס אויגען, אַז זיי זאָלען מיך ליעב געווינען, אַז איך זאָל זיי קאָנען זיין אַ געטרייע מוטער. און בשכר דעם, וואָס איך וועל זיין אַ מוטער צו די יתומים, זאָלסטו מיך מזכה זיין צו דערלעבען, אַז איך זאָל ווערען אַ מוטער פֿאַר מיינע אייגענע קינדער“... רבֿ שלמה קומט אַריין פֿון מעריבֿ. „חנה׳לע, וואו ביזטו?“ — „שוין פון מעריבֿ?“ און „גאָט פון אבֿרהם“ זאָגט זי אין טונקעלקייט. עס ווייזט זיך דאָס ערשטע ליכט, און רבֿ שלמה מאַכט הבֿדלה.

נאָך הבֿדלה לאָזט רבֿ שלמה אַריינרופֿען צו זיך דעם מעקלער חאַצקעל, וואָס וואוינט מיט איהם אין שכנות, און זאָגט צו איהם: „חאַצקעל, געה ברענג מיר ליב בער הדעם דיין“.

— דעם חוטא דאָ, דעם עוכר ישראל? — שרייט אויס חאַצקעל מיט וואונדער.

— טו, ווי איך הייב דיר. איך בעט דיך. און זאָג קיינעם נישט דערפון קיין וואָרט. איך בעט דיך אַ טובֿה.

חאַצקעל טענ׳עט נישט קיין סך. נאַכט איז עס, שעמט ער זיך נישט צו געהן מיט דעם דיין איבער דער גאַס. אַריינגעקומען צו רבֿ שלמה׳ן. דער דיין שטעהט ביי דער טיר, מיט דעם צעבלוטיגטען פנים און אָבגעריסענעם ראָק נאָך. רופט איהם רבֿ שלמה אין אַ בעזונדער חדר אַריין.

— הערכט מיך אויס — זאָגט רבֿ שלמה צום חוטא — אַז אַ מענש זינדיגט, איז ער נאָך נישט פערפאַלען, איז דאָ תשובֿה. איך וויים, אַז איהר וועט טון תשובֿה גמורה. אַ מענש לאָזט זיך אָנרעדען פֿון יצר הרע. מיר אַלע זענען נישט בעסער. אַלע זענען מיר נאָר מענשען. פֿערפֿאַלען, עס איז געשעהן. בעט גאָט, אַז ער זאָל אייך מוחל זיין. וואַשט אייך אָב און הערט אויף די נאַרישקייטען, זיך וואַרפען פאַר׳ן בית־המדרש. גאָט קוקט אין האַר׳ץ אַריין. די שטאָדט וועט דאָך אייך איצט רודפ׳ן, ביי אייך אַוועקנעמען די פרנסה — וועט איהר וואוינען ביי מיר אין הויז. איהר וועט לערנען מיט מיין יונגעל. איך וועל אייך אָב־

געבען אַ דירה און וועל אײַך צאָהלען זעקס רובל אַ וואָך. זענט איהר צופרידען?

דער יוד האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר אַ גרויסער שטראָם טרערען האָט אַרויסגעגאָסען פון זיינע אויגען.

רב שלמה האָט אַריינגערופען דעם דיינ׳ס ווייב, וואָס איז מיטגעקומען נאָך דעם מאַן. די יודינע איז געווען נאָך מעהר געבראָכען פאַר חרפה, ווי דער מאַן. בעהאַלטען דאָס פנים אין טיך, האָט זי אַרויסגעוויינט: „זעהט, רב שלמה, ווי דער רבונו של עולם האָט מיך געשטראָפט, וואָס דער רבונו של עולם האָט געמאַכט פון מיר. וואָס וועט איצט פון מיינע קינדער ווערען?“

— הערט אייך צו וויינען און זעהט, אַז ער זאָל נישט מעהר אין גאַס לויפען. אָט האָט איהר אַ צעהן-רובל׳דיגען און נעמט דאָס בעל-הבתישקייט און ציהט אייך אַריבער צו מיר אין הויז אַריין. האַצקעל וועט אייך אָנווייזען אַ שטוב, אויבען, ביים שולעכיל. איך וועל איהם צאָהלען זעקס רובל אַ וואָך, ער וועט לערנען מיט מיינע קינדער, און זאָל ווערען אַ סוף.

# פֿערטער קאַפּיטעל.

## דער יאָהרמאַרק.

רב שלמה איז זונטאָג נישט אַוועקגעפֿאָהרען אין וועג אַריין. נאָטע איז נישט פֿערפֿאָהרען מיט די צוויי בולאַנעס פֿאַר דער טיר, און רב שלמה איז געבליבען אין דער־היים צום גרויסען יאָהאַן־יריד, וואָס וועט זיך אָנהייבען מאָנטאָג און זיך אַוועקציהען גאַנצע אַכט טעג... עס איז דער גרויסער יאָהר־מאַרק אין שטעדטיל, וואָס ציהט צו די אַרומיגע סוחרים פֿון דער גאַנצער געגענד.

עס איז נאָך דעם שניט, שוין האָבען די גוים זייער ביסעל תּבֿואה אין די שפּייכלער אַריינגעבראַכט און קומען זיך איצט צוזאַמען צו פֿערקויפֿען די תּבֿואות; ווער עס קויפֿט דערפֿאַר אַ קוה, ווער אַ חזיר אויף אויסצופּאַשען איבער'ן ווינטער און אויפ'ן פֿריהלינג צו פֿערקויפֿען, וועלכער פּויער ברענגט זיין אייגען פֿערדיל צו פֿערקויפֿען, וואָס ער דאַרף עס נישט מעהר נאָכ'ן שניט, און וויל דאָס אויף אַ גוטען פּעלץ אויסבייטען. ס'קומען דאָ אָנצופֿאָהרען די פֿערד־סוחרים פֿון די מקומות אַרום, וואָס קויפֿען אויף די פֿערד פֿאַר דעם דייטש. די פּעלצען־סוחרים האָבען שוין אָבגעדונגען די שטעלען אין די גאַסען מיט וואָלבען צוריק, און פֿון פֿריה־מאָרגענס אָן הערט זיך כּסדר דאָס רעדער־קלאַפּען איבער דעם ברוק פֿון שטעדטיל. דאָס קומען אָן צו פֿאָהרען די סוחרים פֿון די נאָהנטע שטעדטלעך אַרום. אויפֿגעפּאַקט אויף די גרויסע פֿוהרען די קאַסטענס סחורה מיט די שטעקענס און דרענגער, די שטעלען אויפֿצושטעלען, קומען אַריינצופֿאָהרען אין שטעדטיל אַריין טאַנדעט־שניידער, טאַנדעט־שוסטער, היטעל־מאַכער, פּעלצען־פֿליקער מיט זייער סחורה, וואָס זיי האָבען פֿאַר'ן גאַנצען זומער אויף דעם יריד אָנגעאַרבייט. מען לויפֿט פֿלינק אַ שטעל צו פֿערכאַפּען און מען שלאָגט אויף אַ קראָם. די שטעדטי-

שע האָבען שוין פֿערכאַפּט די בעסטע קראָמען אין מיטען מאַרק און האָבען די פֿרעמדע אַרויסגעשטופּט צום פֿערד=מאַרק, צום חזיר=מאַרק, און נישט איין געשלעג איז שוין דורך דעם היינטיגען טאָג אַרויסגעקומען, און נישט איין מאָל איז מען געקומען צו לויפֿען צו רב שלמה'ן זיך קלאָגען אויף די פֿרעמדע, וואָס פֿערכאַפּען די שטעלען, און אַרויסגעשיקט האָט מען אַ פּאָר בעלי=בתּים, אײַנצוטיילען די שטעלען לויט חזקה.

ביי רב שלמה'ן אין שטוב איז היינט גאָר אַ מחיה. עס זענען זיך צוזאַמענגעפֿאָהרען רב שלמה'ס צוויי מחותּנים, איינער אַן אָרימער און איינער אַ רייכער. דעם איידעמס פֿאָטער, אַן אָרימער יוד פֿון גאָסטינין, וועלכער באָרגט נאָך היינט פֿון מחותּן אַ הונדערטער, און דער צווייטער איז רב יואל בּרכּהן, דער גרויסער שעפּסען=סוחר, פֿון פּלאָצק, עוזרל'ס דעם עלטסטען זוהנס מחותּן. געבראַכט האָט ער אויפֿ'ן מאַרק יונגע אָקסען צו פֿערקויפֿען פֿאַר די שׂרה'ת אויף פּאַשע; בשותּפֿות זענען די אָקסען מיט רב שלמה'ן געקויפֿט. און אַזוי סוחרים — שותּפֿים פֿון אַנדערע געשעפֿטען זענען געקומען, און גלאַט אַ יוד אַ מעקלער געקומען אויפֿ'ן יאָהר=מאַרק, — איז די ערשטע זאַך גערעדט מען אַריין צו רב שלמה'ן. דאָרט וועט זיך שוין מאַכען אַ רובל צו פֿערדינען. שטעהט מען אַלע ביי רב שלמה'ן אין שטוב, און די מוידען קאָכען דעם רויטען בוריקעס=באָרשטש פֿון פֿריה=מאָרגענס אָן. די שטוב איז פֿול מיט רעגען=מאַנטלען, און יודען פֿון דער גאַנצער וועלט זענען דאָ אין האַנדלען. גרייט מען זיך דאָ צום גרויסען מיטאָג, וואָס מען מאַכט פֿאַר די צוויי מחותּנים. די יונגע חנה'לע וויל ווייזען, אַז זי איז אַ בעל=הבית'טע, איז זי פֿערטאָן פֿון פֿריה=מאָרגענס אָן מיט די דינסטען ביי דער קיך. דאָך האָט זי צייט זיך צו פֿערנעמען מיט די געסט און מיט די אָרימע לייט, וואָס קומען אַריין צו רב שלמה'ן באָרגען אַ גמילות=חסד אַ פּאָר רובל אויפֿ'ן יאָהר=מאַרק.

דאָס גאַנצע שטעדטיל קוקט אויס אויף דעם יאָהר=מאַרק, וואָס גיט יודען אַ האַלבע פּרנסה. איז ביי רב שלמה'ן געווען אַ מנהג — אַלע ערב יאָהר=מאַרק אויסצובייטען אַ הונדערטער אויף קליין=געלד און איהם אויסצובאָרגען אָרימע=לייט אויפֿ'ן יאָהר=מאַרק.

פֿאַרצייטען האָט מען גענומען אויף די גמילות־חסדים פֿון די אָרימע־לייט משכּנות: אַ זייגערל, אַ פֿינגערל, אַ זילבערן לייכטערל, וואָס אַ העלפֿט דערפֿון זענען פֿערפֿאַלען געוואָרען, און אַ העלפֿט האָט מען צוריק אַרויסגעגעבען אויף די ימים־טובֿים. נאָר זינט עס האָט זיך געטראָפֿען דאָס אומגליק מיט נעכען, האָט רבֿ שלמה שוין נישט געוואָלט ביים נייעם ווייבעל אַיינפֿיהרען קיין משכּנות, וואָס מען קאָן זיך, חלילה, דערפֿון פֿערזינדיגען, און בעשטימט צו באָרגען אָהן משכּנות. גענומען האָט ער נאָך שבת־צו־נאַכטס אַ הונדערטער, צעביטען איהם, אַריינגערופֿען חנה׳לען און געגעבען איהר דאָס געלד אין שירץ אַריין: „נאַ, באָרג אָרימע־לייט און פֿערשרייב אויף אַ פּאַפּירל וועמען און וואָס". געוועזען איז דאָס נעכעס חזקה, איז עס איבערגעגאַנגען צום נייעם ווייבעל. קומט יעדעס מאָל אַריין אַן אָרים ווייבעל און רופֿט חנה׳לען אַוועק פֿון דער קיך. דער מיטאָג קאָכט זיך, און דער גרויסער טיש ווערט אויסגעצויגען, אַריינגעזעצט אין איהם די ברייטע בייכיגע ברעטער און מען העקט אויף איהם פֿאַר אַ צוויי מנינים יודען. עס זיצען סוחרים, רייכע און אָרימע, די צוויי מחותּנים — צו רבֿ שלמה׳ס ביידע זייטען. דער רייכער מחותּן, מיט דער ברייטער באָרד און גאָלדענער קייט, זיצט ברייט מיט דרייסטקייט און רעדט מיט רבֿ שלמה׳ן וועגען אַלטע געשעפֿטען, וועגען אַלטע שותּפֿים — ביידע אויסגעהאַנדעלט אַ וועלט. דער אָרימער מחותּן, דער אָרימער וויין־סוחר, זיצט זיך בהכנעה, קוקט אין וואָס פֿאַר אַ גדולה זיין זוהן איז אַריינגעקומען, קוועלט אינעווייניג פֿאַר נחת, האָט אָבער מורא ביים טיש אַ הויך וואָרט אויסצורעדען, האָט דרך־ארץ פֿאַר די יודען נגידים און ווייס גאָרנישט, פֿאַרוואָס עס קומט איהם דער אויבען־אָן. נור יעדעס מאָל, ווען ער קוקט אויף רבֿ שלמה׳ס אייחעם, ווערט ער ביי זיך פֿעסטער און שטאָלצער, וואָס גאָט האָט איהם מזכּה געווען צו אַזאַ זוהן.

מעקלער וואַרפֿען אויף געשעפֿטלעך. דער ווייס פֿון אַ מאַיאָנטעק, וואָס שטעהט צו פֿערקויפֿען בחצי־חנם; דער צווייטער האָט געהערט פֿון אַ צוויי הונדערט זעקלעך תּבֿואה, וואָס עס שטעהט צו פֿערדינען אָן דעם אַ פֿערמעגענס; דעם שלאָגט אָב דער שררה יעדען טאָג די טירען: „גיב איהם אַ סוחר פֿאַר דעם וואַלד". און נאָך איינער

דאַרף אַ צעהן טויזענד רובל פֿאַר אַ שׂררה, קאָן מען קריגען בײַ איהם, וואָס מען וויל. סוחרים זיצען שטיל, הערען אויס די געשעפֿטען און קוקען זיך איינער דעם צווייטען אַריבער און טראַכטען יעדער פֿאַר זיך אין דער שטיל איבער דאָס געשעפֿט. און קלענערע יודען זיצען און האָבען דרך־ארץ פֿאַר די גרויסע געשעפֿטען, וואָס פֿליהען דאָ איבער דעם טיש. און די יויך פֿאַרעט, און חנה׳לע, אין דעם ברייטען שירץ אָנגעטאָן, טיילט אַליין אויס דעם גרויסען טעלער פֿלייש פֿאַר די געסט. און אַז זי דערזעהט אַרום איהר טיש די סוחרים יודען, ווי די געשעפֿטען לויפֿען איבערן טיש, קוועלט איהר דאָס האַרץ פֿאַר נחת. און די סוחרים וואַרפֿען בעהאַלטענערהייד בליקען אויף דעם יונגען שענעם ווייבעל און זענען אין דער שטיל רב שלמה׳ן מקנא אַזאַ מזל...

פֿאַרנאַכט איז אָנגעקומען די גאָמבינער חבֿרה. דאָס זענען די סעדער־יודען, וועלכע האַנדלען איך מיט פֿיש פֿון די גרויסע טייכען. עס שמעקט פֿון אַזאַ יוד אַראָב דער פֿיינער עפּעל־געשמאַק, מיט וועלכען ער געהט אום אַ גאַנץ יאָהר. אין זיין געדיכטער טונקעלער באָרד, וואָס שטעכט ווי שפּילקעס, האַלט זיך אויף דער סוד פֿון דעם טונקעלן טייך, פֿון וועלכען זיי כאַפּען די פֿיש אַרויס. דאָס זענען פֿון יענע יודען, וועלכע האָבען נישט קיין מורא פֿאַר קיין גוי און זענען קיינמאָל אין גלות נישט געוועזן. דאָס גאַנצע לעבען מיט דער ערד אינאיינעם אויפֿגעצויגען געוואָרען, אין די טונקעלע טייכען ביים פֿיש כאַפּען, און די פֿייכטע מעדער ביים איבס געוואַקסען. אָבגעבֿרענט פֿון דער זון זענען זייערע פּנים׳ער און זייערע הענד, אַז עס דאַכט זיך, אַז זיי זענען אינגאַנצען פֿון מאַסיווען בראָנז געגאָסען. יעדער אַזאַ יוד האָט אַ טוץ קינדער און לעבט אויס זיינע הונדערט און צוואַנציג יאָהר אָהן צער און וועהטאָג, פֿערדינט זיך זיין ברויט ביז צו דער לעצטער מינוט פֿון זיין לעבען און צו זיבעציג יאָהר ברענגט ער נאָך אַ ניי קינד אויף דער וועלט. אומעטום זענען די גאָמבינער די תּקיפֿים, פֿאַר זיי האָט מען מורא. זיי כאַפּען זיך באַלד צום דרענגעל, מחמת דעם איז ביי זיי איפּ׳ן מאַרק יאָ חזקה, נישט חזקה — אַ קלייניגקייט. באַלד אַראָב פֿון די פֿוהרען די פֿאָטערס מיט די יונגען אין

מיטן בעסטן מאַרק, גענומען די היימישע שטעלן צעוואַרפֿן און אויפֿשטעלן זיך זייערע אייגענע און אויסגעלייגט זיך זייערע פּעלצלעך. איז דאָך דאָרט געוואָרן אַ געוואַלד. די היימישע שטאָט־ווייבער זענען אַרויס מיט היים וואַסער, בעגאָסן די גאָמבינער רוצחים, וואָס געהען אײַננעמען אַ וועלט. אָבער פֿאַר גאָמבין האָט מען מורא, האָט מען זיך סוף כּל סוף אָבגערוקט אָן אַ זייט פֿאַר זיי.

עס זענען געקומען אָנצופֿאָדערן די גאָסטינינער „ווייבער". ווייבער האָט מען זיי געדופֿן דערפֿאַר, ווייל די מענער זענען טאַנדעט־שניידער און היטעל־מאַכער, זיצען אַ גאַנצע וואָך בײַ די אַלטע מאַשינעס, וועלכע ווילן נישט אַנדערש נייען, סיידען נאָר מען טרינקט זיי גוט אָן מיט אייל, אַזוי אַז די הויזען און די מאַרינאַרקעס, וואָס קומען אַרויס פֿון דער מאַשין, זענען ווי דורכגענעצט אין אייל; און ווייל די מענער זענען פֿערנומען, פֿירען די ווייבער די שטאָט. די מענער האָבען מורא פֿאַר זיי. ווי זענען קליינע, אויסגעטריקענטע שניידערלעך, און די ווייבער גרויס און שטאַרק. אַ שם האָבען די גאָסטינינער מוידען אין דער וועלט, און פֿאַר אַ פּאַטש פֿון אַזאַ מויד היט מען זיך. וואָרום שטאַרק איז אַ גאָסטינינער מויד און עסט פֿאַר דריי מאַנספֿאַרשוינען. עס איז אַ פֿערגעניגען אַריינצוקוקען אין אַ גאָסטינינער קיך. די מוידען האָבען כּח צו שייערן די מעשענע רייפֿן פֿון די טונען, צו רייבען מיט זאָדע אין זאַמד די ברעטלעך, און אַלץ פֿינקעלט שטענדיג. דערפֿאַר האָבען מעהרסטען גאָמבינער בחורים חתונה מיט גאָסטינינער מוידען. זיי פּאַסען זיך פּונקט איינער פֿאַר'ן צווייטען און האָבען נישט מורא איינער פֿאַר'ן אַנדערן.... און אַז די גאָסטינינער ווייבער קומען אָן מיט זייערע שטעלן, רוקען זיך די גאָמבינער „רוצחים" אַ ביסעל פֿאַר זיי אָב. טאַקע „רוצחים", אָבער מיט גאָסטינינער ווייבער איז נישט גוט זיך צו טשעפּען...

עס קומען אָן די זשאָכלינער קצבים־יונגען, וועלכע קויפֿען אויף די בהמות אויף די מערק צו פֿיהרען זיי קיין לאָדז, מיט די גראָבע שטעקעלעך אין די הענד און די געפּוצטע חאָלעוועקעלעך — ציטערט פֿאַר זיי דאָס שטעדטיל. אַז זיי בעווייזען זיך, קוקען זיי זיך אוים אַ גאָסטינינער מויד אַ כּלה צו נעמען פֿון זיי.

מיט זיי קאָנקורירען די קראָשעניוויצער פערדס־יונגען. מיט די לעדערנע הויזען, געפּאַסטע שטיוועלעך און די באַטיקלעך אין די הענד געקומען צו פֿאָהרען אויפ׳ן יריד פֿערד איינקויפֿען פֿאַר׳ן דייטש. עס ציטערן פאַר זיי די זשאָבלינער קצבים־יונגען און קוקען זיך איינער דעם אַנדערן אַריבער:

„נו, העלפּט, וואָס הערט מען אין דיין זשאַבלין?“

„זאָל דיר דער מוח נישט אויסדאַרען פאַר זשאָבלין, דו קראָשעניוויצער פּראַנט!“

אַזוי נעמט מען זיך אָן פאַר די שטעדט. מען ווערט אָבער באַלד צווישען זיך גוט און מען געהט אַריין צו נאָטע דעם רעסטאָראַטאָר אינאיינעם נעמען דאָס ביסעל גוטע בראַנפען.

דערווייל איז פאַרנאַכט געוואָרען, און ביי נאָטע רעסטאָראַטאָר איז לעבעדיג: די סוחרים זענען געקומען צו פֿאָהרען. אָבגעבראָטען האָט לאה׳לע, דאָס שענע פֿעטע ווייבעל, נאָטע רעסטאָראַטאָרס טאָכטער, די פֿעטע גענזלעך מיט די פֿעטע קאַטשקעלעך. ווורשט געבראַכט פון וואַרשע מיט דעם גוטען טרונק בראָנפֿען. שטעהט זי הינטער דעם שענק־טיש מיט איין אויערינגעל אין אויער, מיט די פערקעמטע צעפּ און אָבגעוואַשענעם פעטען האַלז און זעהט אויס אַזוי בעטעמ׳ט, ווי איהרע פֿעטע גענזלעך. זי גיסט בראָנפֿען אַיין די סוחרים. מען טרינקט דעם „ניינציגער“ און מען פערבייסט מיט דעם געשמאַקען קנייפּ, וואָס מען גיט די פעטע, שענע שענקערין דאָרט, וואו עס איז צום אָנגענעמסטען צו קנייפּען...

אָנגעקומען איז צו פֿאָהרען אויפ׳ן יריד אַ חבֿרה ציירקמאַכערס — יודען, מיט אַ שענער דראָטען־געהערין, אַ זיבעצעהן־יעהריג יודיש מיידעל, מיט אַ שוואַרצען געגרייזעלטען קאָפּ האָר, מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגען, ווי אַ ציגיינערין. אַ דאַרע, נאָר אַ בע׳חנ׳טע, געהט אָנגעטאָן אין דעם קורצען רויטען קליידעל, אין דער טריקאָ, וואָס איז אַרויפגעגאָסען אויף איהר דינעם לייב, און וואַרפט אייגלעך... אַרום, איבער די בענק זיצען אויסגעזעצט די סוחרים און עסען געשמאַק די פרישע געבראָטענע גענזלעך, און די שענע כשוף־מאַכערין ברעכט זיך אין אַ רייף פאַר זיי. דער פאָטער (עס איז אַוודאי גאָר קיין פאָטער נישט — גע׳גנבֿ׳עט

האָט ער זי אַוודאי פֿון אַ רייך יודיש הויז אַרויס, ווען דאָס מיידעל איז נאָך אַ קליין קינד געווען) — שטעהט ער דער „פּאָטער", דער יוד מיט די גנבה׳ישע אויגען און געגרייזעלטע האָר און קלאַפּט צו אין אַ בעמבעלע אַריין. און די שענע כשוף־מאַכערין וואַרפֿט אַרונטער דעם שוואַרץ געגרייזעלטען קאָפּ, הויבט אויף די דינע געטאָקטע פּיסלעך און טאַנצט אין דער ריי און הויבט אָן צו זינגען אַ טרויעריג ליעד פון אַ ציגיינערין אויף רוסיש, פון אַ ליעבע, אַז דאָס האַרץ ווערט צעגאַנגען פון איהר זיס קול.

נישט איין יונגען מאַן האָט שוין די כשוף־מאַכערין כשוף אָנגעטאָן. וואַרפט די כלה פאַר דער חתונה און פערליעבט זיך אין דער שענער רייף־טענצערין און פאָהרט איהר נאָך אין די שטעדטלעך אַרום אויף די יאָהר־מערק. און מען ווערט דערנאָך געוואָר, אַז דער פערליעבטער יונגער־מאַן האָט מיט דער ציגיינערין חתונה געהאַט, און דאָס איז טאַקע נישט געווען דעם קאַטאַרינאַרזשס טאָכטער, נאָר, אַזוי ווי מען האָט געוואוסט, — אַן איינציגע טאָכטער פון אַ רייך הויז אַרויס, וואָס דער קאַטאַרינאַרזש האָט אַוועקגעגנב׳עט, ווען זי איז נאָך אַ קליין מיידעל געווען, און פאָטער־מוטער האָבען געטרויערט נאָך איהר דאָס גאַנצע לעבען... דער יונגער־מאַן (דערצעהלט מען דערנאָך אין די שטעדטלעך) האָט אויפגעזוכט איהרע עלטערן און איז געוואָרען אַן איידעם פון אַ רייכען שוועהר.

אַזוי זיצען די סוחרים אַרום אַ טיש ביי די געבראָטענע גענזלעך און קוקען זיך צו צו דעם טאַנצען.

אין דרויסען, אין דער נאַכט, האָט מען גרויסע סמאָלע־פאַקלען אָנגעצונדען, אַז די סוחרים זאָלען זעהן אין שטעדטיל אַריינצופאָהרען. עס פאָהרען אַדורך די שווערע פראַכט־וועגען מיט די גרויסע קאַסטענס סחורה, שטענגער און דרענגער — קומען זיך צוזאַמענגעפאָהרען פון אַלע מקומות אויף דעם גרויסען יאָהאַן־יריד, וואָס גיט יודען פרנסה אויף אַ גאַנץ יאָהר.

אַ גאַנצע נאַכט זענען די וועגען אין שטעדטיל געפאָהרען. אַ גאַנצע נאַכט האָבען די פויערים מיט די בהמות פון די אַרומיגע ערטער אָנגעצויגען, און פון פריה־מאָרגענס אָן איז געשטאַנען אַזאַ הו־האַ, איז געווען אַזאַ געפילדער, געשריי און לאַרים

אין די גאַסען פון שטעדטיל. דאָס גאַנצע שטעדטיל האָט מיט איין מאָל אַן אַנדער פּנים בעקומען — נישט צו דערקענען. אָנגעשטאָפּט זענען די גאַסען, די מערק מיט פוהרען. רויטע, קאָלירטע טיכער איבער די פויערטעס רוקענס ברענען זיך אין דער וואַרימער זון. און דאָס קירכען־געזאַנג פון די בעטלערס, אויסגעמישט אינאיינעם מיט דעם שרייען פון די יונגע פערד, קוויטשען פון די חזירים, קרעהען און שרייען פון אַלערליי געפליגעל האָט אָנגעפילט די לופט. אויסגעמישט זענען שוין די שוואַרצע לאַנגע קאַפּאָטעס מיט די וויס־גרויע רעק פון די פויערים, די וואָכעדיגע טרויעריגע פּאַטשיילעס פון די יודישע ווייבער מיט די העל־קאָלירטע טיכער פון די פויערטעס — און קאָכט זיך אינאיינעם צונויף.

געכאַפּט האָבען די גאָסטינינער ווייבער אַ פויער צו אַ שטעל, אויסגעטאָן איהם אין העמד און מעסטען איהם אָן אַלע רעק מיט אַלע היטלען. דער פויער מיט דער בייטש אין דער האַנד, שטעהט אין אַ צו קורץ יאַקעלע מיט אויסגעשטאַרטע הענד, און די ווייבער האַלטען איהם אַ שפּיגעלע פאַר די אויגען: נאַ, זעה, ווי שען דו ביזט!

דאָרט שלעפּט אַ יוד אַ זעקיל תּבואה פון אַ פויערס אַ פוהר אַראָב, דער גוי וואַרפט צוריק דאָס געלד. עס הערט זיך געלד קלינגען, הענער שרייען, גוים שילטען, יודען דינגען זיך — און אַלין איז אינאיינעם אויסגעמישט. מיט אַ מאָל קומט אָן אַ גוי צו לויפען מיט אַ יונג פערד, פּרובט עס אויס און קוקט נישט, ווער עס שטעהט — לאָזט זיך מיט זיין פערדיל אין פולען, אָנגעשטאָפּטען מאַרק אַריין.

אין מיטען דעם ים פוהרען, יודען, פויערים, חזירים און פערד האָבען זיך די לאָוויטשער ווייבער אויסגעשטעלט זייערע קראָמען מיט די קאָלירטע בענדער.

ליעב האָט זיך די פויערטע פון יענער געגענד אין רייך קאָלירטע בענדער אויסצוצירען, און דער גוי זיין קאַפּעלוש מיט פערשיידענע קאָלירטע קרעלען און סטענגעס אויסצופוצען. און די רייך בלאָה־רויטע פאַרבען פון בענדער, מיט די קליינע ווייסע בלימעלעך לויכטען זיך אין דער זון. עס שטעהען אַרום ביי די

בענדער-קראָמען די יונגע, שענע דאָרפס-שיקסעלעך מיט די גראָבע צעפּ און רויט שטאַרקע הענד, קוקען מיט לייַכטענדיגע פרעסענדיגע אויגען אויף דעם אוצר פון די סטענגעס, און די יונגע חתנים-שקצים — נעמען די בייטעלעך אַרויס און קויפען די מיידלעך מתנות. עס שפּיעלט אויף די קאַטערינקע באַלד, אין מיטען טאַראַראַם, ווערט אַרום דעם יודען אַ געשטעה, און דער בלאָהער פויגעל הויבט אָן אַרומצוטיילען מיט זיין שנאָבעל די גוים קוויטלעך מיט יעדענס גורל. — עס קומט אָן אַ יוד צו לויפען פון דער העלער הויט, שטעקט אַ פויער געלד אין האַנד אַריין. דער גוי וואַרפט עס צוריק. דער יוד שטעקט עס ווידער אַיין — דער גוי וויל נישט. דער יוד שלעפּט די שרייענדיגע קאַטשקעס פון דער פוהר אַראָב — דער גוי לאָזט נישט. און דאָס זינגען פון די בעטלערס מיט דעם געשריי פון די גוים, דאָס קוויטשען פון די קאַטשקעס און דאָס ברומען פון די חזרים, די קאָלירען פון די בענדער, דאָס רויטע לייַכט פון די טיכער שרייען מיט אין דער זון אַריין — און די אַלע געוואַלדען, ברומען און געשרייען קאָכען זיך צונויף, און עס איז דאָס ברומען פון דעם גרויסען יאָהר-מאַרק — יאַהאַנע.

אויף דעם אָקסען-מאַרק איז קיין פוס נישט צו טרעטען. די קצבים שטעהען אַרום די בהמות, טאַפּען די אייטערס, קוקען אין די פּיסקער אַריין, דינגען זיך, שרייען, שעלטען, וואַרפען געלד און שלעפּען די פויערים אין שענק אַריין. קומט אָן אין כאַמע העכסטען ברען פון מאַרק אַייזיקל שלעסער-האַקער מיט אַ קיה. ער אַליין פיהרט זי נישט, נאָר זיין קאָמפּאַניאָן סטאַש „קאָניקראַד" (פערדס-גנב), אַ גוי מיט אַ צעשניטען פנים און אַריבערגעצויגענעם הוט איבער די אויגען, ווי אַ גנב. „אַהאַ, גיב נאָר אַ קוק, אַייזיקל ממזר, וואו האָסטו די קוה געפּאַקט"? פרעגען די קצבים-יונגען אַייזיקלען, דערזעהענדיג, ווי ער פיהרט די קוה. ענטפערט ער: „שווייגט, זי איז בלאַט". קוקען זיי זיך גוט איין צו דער קוה, דערזעהען זיי, אַז זי איז אַ חולה. אַן עפּוש האָט זי, מען דאַרף זי שטעכען. אָנגעטרונקען האָט זי נאָך אַייזיקל, איידער ער האָט זי אויפ'ן מאַרק געבראַכט, מיט וואַסער, אַז זי זאָל אַ דיקען בויך קריגען, עפּיס געגעבען צו לעקען אַזאַ מין

גנבֿ'ישען זאָלן, אַז די אייטערס זאָלען אידר ווערען אָנגעלאָפֿען— עס הייסט, זי גיט פֿיעל מילך — און גענומען די קוה ביים שטריקעל און אַוועקגעשטעלט סטאַש „קאָני־קראַד", אַז ער זאָל זי פֿערקױפֿען. און אַייזיקל אַליין האָט זיך אַוועקגעשטעלט די קוה האַנדלען. שטעהט ער אַזוי און קױפֿט די קוה: „אַכט און דרייסיג רובל, פֿערציג רובל, צוויי און פֿערציג" און שרייט הויך און צאָהלט באַלד געלד, דוקא מיט זילבערנע רובעלס, כדי עס זאָל קלינגען, און מען זאָל הערען. קומט אָן אַ גוי'ע מיט „שרצים־לעך"־יתומים. דער פֿויער איז ערשט נישט לאַנג געשטאָרבען, האָט זי פֿערקױפֿט די צוויי חזירים און וויל זיך קױפֿען אַ גוטע מילך־קוה — זי זאָל פֿוטער מאַכען, אין שטאָדט אַריין ברענגען צו פֿערקױפֿען, אויף זאַלץ און זייף האָבען איבער'ן ווינטער. קיי־נעם האָט זי נישט, די גוי'ע, דרעהט זי זיך אַליין אויפ'ן אָקסען־מאַרק אַרום און זוכט זיך אַ קוה מיט אַ פּאָר גרויסע אייטערס.

דערזעהען די צוויי חברה־לייט, אַז די גוי'ע שטעלט זיך אָפּ ביי דער קוה, הויבט אָן אַייזיקל אַרויסצואָגען אויפ'ן מקח: „פֿיר און פֿערציג רובל, זעקס און פֿערציג — פֿופֿציג. גאַנצע פֿופֿציג!" און פּאַטשט דעם „קאָני־קראַד" אין האַנד אַריין, אַז זי ווערט אָנגעשוואָלען ווי אַ פּלאַש. און דער „קאָני־קראַד" שטעהט און האַלט אַלץ אין איין טענ'ען: — „זשידאָווי ניע ספּשעדאַם!"— אַ יודען וועל איך ניט פֿערקױפֿען.

— פֿערקויף מיר די קוה, בעט זיך דער יוד און שטעקט איין דאָס געלד דעם גוי. און דער „קאָני־קראַד" טענ'עט אַלץ אין איינעם: — „ניע, זשידאָווי ניע ספּשעדאַם!".

דערזעהן די גוי'ע, רופֿט זי דער גוי צו:

— „קויף די קוה, אַ גוטע, גיט אַ סך מילך, אַ שאָד אַ יודען זי צו פֿערקױפֿען — און מעלקט אויס אַ פּאָר טראָפּען מילך פֿון דער קוה'ס אייטער און גיט דער גוי'ע צו פֿערזוכען: „זעהסט, ווי זיס!" די גוי'ע שטעהט אָבער און קלערט.

— וואָס קומט אָבער אַרויס פֿון דעם, אַז איך האָב נישט מעהר, ווי צוויי און פֿערציג רובל? — ווייזט זי אויפ'ן קניפּעל אין טיכעל, וואָס זי האַלט עס אין דער ברוסט. דער „קאָני־קראַד" קראַצט זיך אין קאָפּ:

— פאַר צוויי און פערציג רובל קען איך דיר זי נישט פערקויפען, דער יוד גיט פופציג, און אַז אַ יוד גיט — איז זי ווערט.

ווי אייזיקל דערזעהט, אַז די גוי׳ע האַלט ביים קויפען — כאַפט ער אַרויס:

— פערקויף זי מיר, צוויי און פופציג גיב איך דיר, דאָ האָסטו דאָס געלד. דער „קאָני־קראַד" טענ׳עט אַלץ אין איינעם:

— ניין, אַ יודען וועל איך זי נישט פערקויפען. זוך אין דעם זאַק — זאָגט ער צו דער גוי׳ע — זוך גוט, אפשר וועסטו נאָך עפּיס געפינען, אַ שאַד די קוה אין יודישע הענד צו געבען.

— אָבער, פאַטערל, נישט מעהר ווי צוויי און פערציג פאַר די חזירים געגומען. מיט דריי גילדען, וואָס פאַר די אייער.

דער „קאָני־קראַד" קראַצט זיך אין קאָפּ, און אייזיקל ווינקט איהם, אַז ער זאָל דאָס געלד נעמען.

— וואָס קאָן מען מאַכען? — שרייט אויס דער „קאָני־קראַד" צו דער גוי׳ע, גיב אַהער די האַנד. אַזאַ איינער בין איך! אַ קריסט איז אַ קריסט — וועל איך זי ליעבער פערקויפען אַ קריסט פאַר צעהן רובל ווינציגער, איידער אַ יודען. — און שטעקט אויס די האַנד נאָך דעם געלד.

די גוי׳ע צאָהלט איהם אויס די בלוטיגע צוויי און פערציג רובל, וואָס זי האָט גענומען פאַר די חזירים, און נעמט דאָס שטריקעל אין האַנד אַריין.

דער גוי איז באַלד פערשוואונדען. אייזיקל האָט נאָך פּרעטענזיעס צו דער גוי׳ע: זי האָט איהם אויסגעדונגען די קוה, און פערלאַנגט פון איהר אַ רובל אָבטרעט־געלד. נאָר באַלד ווערט ער פערשוואונדען, האָט מורא, אַז דער „קאָני־קראַד" זאָל דערוויל נישט אַוועק מיט׳ן געלד. אין אַ פּאָר מינוט אַרום שטעהען זיי שוין אין שענקעל, טרינקען אינאיינעם און טיילען זיך מיט דער גוי׳עס בלוטיגע גראָשענס. דער „קאָני־קראַד" האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער שענק פערטרינקען דאָס געלד. אייזיקל גנב האָט דאָס געלד אַהיים געבראַכט צום ווייב און געגעבען דער יודינע: „נאַ, בעהאַלט".

די גוי׳ע, וואָס האָט געקויפט די קוה, האָט זי גענומען

ביים שטריקעל — די קוה וויל ניט געהן. טרייבט זי זי אונטער מיט אַ צווייג, לאָזט די קוה אַראָב דעם קאָפּ, מאַכט אַ טריט, שטעקט אַרויס וויט די צונג, גיסט זיך אוים — ווערט פון דער קוה אַהאַלבע, די אייטערס איינגעפאַלען, באַלד פאַלט זי פון די פיס. די פיס בויגען זיך קרום אונטער איהר שווערער לאַסט, לעגט זיך אַוועק אין גאַס.

ווי די גוי'ע האָט דערזעהן, וואָס עס איז פון דער קוה געוואָרען, האָט זי זיך געגעבען אַ וואָרף אַנידער אויף דער ערד, צווישען די פֿודערן און די אָקסען מיט איהרע צוויי שקצים'ליך, מיט אַ גרויס געשריי: אָ, יעזוס! — געריסען האָט זיך די גוי'ע די האָר פון קאָפּ, געשלאָגען דעם קאָפּ אין די שטיינער פון פֿון גאַס, געלעגען מיט איהרע שקצים לעבען דער קראַנקער קוה און געשריען און געוויינט:

— אָ, יעזוס, וואָס וועל איך איצטער טון? דער פויער איז געשטאָרבען, די חזירים האָב איך פֿערקויפט, דאָס גע‏לד האָבען זיי ביי מיר אויסגענאַרט, אָ יעזוס!

און די שקצים נאָך דער מוטער האָבען אָנגעפילט דעם גאַנצען יאָהר־מאַרק מיט געוויין.

באַלד איז געוואָרען אַרום דער גוי'ע אַ געשטעה. די פויערטעם אַרום האָבען זיך אָנגעהויבען צו ווישען די טרערען פון די אויגען, דערזעהענדיג די אָרימע גוי'ע ביי דער קראַנקער קוה. דאָס בלוט האָט זיך צעקאָכט ביי די גויים. זיי זענען געשטאַנען אַרום, אויסגעהערט דער גוי'עס קלאָג, געפרובט די קוה צו ריהרען ביים עק, די קוה האָט זיך אָבער ניט בעוועגט. און די גויים האָבען אָנגעהויבען מיטצופיהלען מיט דער פויערטע. איינע האָט דערצעהלט, אַז אַ יודעל איז אויך געווען דערביי.

— יאָ, דער יוד איז דאָרט געשטאַנען און געדונגען די קוה. איך האָב געזעהן, אַז ער גיט פופציג רובעל — פון מיר האָט דער פויער נאָר גענומען צוויי און פערציג, — דערצעהלט די גוי'ע אין געוויין.

— עס איז געווען דעם יודענס קוה, אַודאי אַזוי, דער יוד האָט דיך אָבגענאַרט, — שרייען די גויים.

שכור זענען די גויים געווען, ביי יעדען קויף אין שענקעל

געגאַנגען מיט די „קומעס״, און אויפגעקלאַפּט פון דער גוי'עס ווייי־נען — האָבּען די פּויערים געכאַפּט די שטעקענס און אָנגעהויבּען צו שלאָגען דעם ערשטען בעסטען יודען, וואָס זיי האָבּען דאָרט געטראָפען.

געווען איז עס אַ גאָמבּינער קצב. די פּויערים האָבּען איהם אויף דר'ערד אַנידערגעוואָרפען, געריסען די באָרד און געשלאָגען איהם איבּערן קאָפּ מיט די שטעקענס.

די קצבים זענען געווען אין רב שלמה'ס הויף, וואָס איז ניט ווייט געווען פון דעם אָקסען־מאַרק. דאָרט זענען געשטאַנען די יונגע אָקסען, וואָס רב שלמה מיט'ן מחותן האָבּען געבּראַכט צו פּערקויפען די שררה'ס אויף פּאַשע. די קצבים האָבּען בּעטראַכט די שענע געזונטע אָקסען און האָבּען געוואַרט אויף אַ בּראַק, אַז זיי זאָלען קענען עס אָבּקויפען.

ווי זיי האָבּען דערהערט, אַז די גוים שלאָגען אַ יודען, זענען זיי אַרויס פון רב שלמה'ס הויף מיט די אייזערנע שטעקעלעך אין די הענד און געוואָרפען זיך אין די גויים אַריין.

באַלד האָט זיך צעפּלאַקערט צווישען די יודען און די גויים אַ מלחמה. די גויים האָבּען אַרויסגעכאַפּט די דישלען פון די וועגען און געשלאָגען די קצבים־יונגען. איינעם האָבּען זיי אָוועק־געלייגט מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, דאָס בּלוט איז גערונען איהם איבּערן פּנים. איז דאָס ווייב אַרויס מיט אַ געוואַלד אין גאַס אַריין: „געוואַלד, מען שלאָגט יודען! אויפ'ן אָקסען־מאַרק שלאָגט מען יודען!״

האָבּען די גאָמבּינער פּעלצען־סוחרים דערהערט, אַז זייערן אַ גאָמבּינער האָבּען די גוים גע'הרג'עט אויפ'ן אָקסען־מאַרק — האָבּען זיי געלאָזט די קראָמען און זענען אַרויס אין אָקסען־מאַרק מיט די געוויכטען אין די הענד. די גאָמבּינער ווייבער האָבּען זיי נאָך אונטערגעגעבּען פייער: „מאַנספּאַרשוינען זענט איהר! זעהט, ווי מען שלאָגט אַ יודען, און איהר שווייגט״ — נאָר די גאָמבּינער האָט מען ניט געדאַרפט אָנטערצוהיצען. גאָמבּינער בּלוט איז קיין וואַסער נישט. אַז זיי האָבּען דערהערט, אַז מען שלאָגט אַ גאָמ־בּינער, האָבּען זיי זיך דאָס לעבּען איינגעשטעלט. אַ קליינער יונג, חיימ'ל מאַלאַרזש, האָט זיך געגעבּען אַ לאָז אַריין מיט

זער שער אין דער האַנד צווישען אַ פּאַק גויים, און שוין האָט ער איינעם דאָס פּרצוף אויפגעריסען מיט דער שער. טאַקע די גוים האָבען איהם אויף דער ערד אַוועקגעלעגט און איהם גענומען טרעטען — האָבען עס די גאַמבינער דערזעהן, זענען זיי אַריין צווישען די גויים דעם יונג אַרויסגענומען און אָנגעהויבען צו האַקען איבער די קעפּ. שוין לויפען די פויערטעס איבער די גאַסען מיט אַ געשריי: „העי, כּלאַפּי, כּלאַפּי, נאַשיך ביאָן!" און פון דער צווייטער זייט די ווייבער: „מען שלאָגט יודען אויפ'ן אָקסען־מאַרק!" און פון אַלע זייטען געסלעך קומען גויים צו לויפען, יודען צו לויפען, קראָשעגוויצער פערד־סוחרים, זשאַבלינער קצבים.

גאָסטינינער ווייבער זענען אויך דאָ. איבערגעלאָזט האָבען זיי די מענער ביי די קראָמען און מיט די נעגעל די גויים די אויגען אויסגעדראַפּעט. שוין האַלטען זיך איינס דאָס אַנדערע ביי די האָר, ביי די קעפּ. און בלוט רינט צווישען פּנים'ער, אויף קאַפּאָטעס, אויף ווייבער־טיכער, צווישען רעדער, חזירים און שרייענדיגע קאַטשקעס, און פערפּעט די שטיינער.

רב שלמה איז געווען אין דער שטוב און געהאַנדעלט מיט אַ סוחר ווייצען, ווען דאָס געשלעג איז אויסגעבראָכען. געהערט אַז אין גאַס, פאַר'ן הויז, שלאָגען זיך יודען מיט גויים, האָט ער געכאַפּט דעם שטעקען אין האַנד און איז אַרויס אין גאַס אַריין. חנה'לע האָט זיך אַפילו אין דער טיר געשטעלט און בעשוואוירען איהם, ער זאָל נישט אַרויס — נאָר ער האָט זי זאַנפט אַוועקגענומען און איז אַרויס אין געסיל אַריין. עס זענען באַלד נאָך איהם אַרויסגעגאַנגען די סוחרים, די שטאַל־יונגען לייזער און בער. און אַז די יודען אין געסיל האָבען דערזעהן רב שלמה'ן געהן, האָבען זיך באַלד אַלע אַרומגעקליבען אַרום איהם.

אָנגעקומען צום אָרט פון געשלעג, האָט רב שלמה אויפגעהויבען דעם שטעקען און געשלאָגען איבער די קעפּ, וואָס האָבען זיך געהרג'עט: „לאָזט אָב, לאָזט אָב!"

מען האָט זיך באַלד אַריינגעריסען צווישען די שלאָגענדיגע, זיי פונאַנדערגעריסען, אָבגעוואָרפען. די יודען מיט די צעבלוטיגטע קעפּ האָבען דערזעהן רב שלמה'ן — האָבען זיי אָבגע־

לאָזט. — „שקצים, האָט רבֿ שלמה געשריען, דעם גאַנצען מאַרק ווילט איהר צעשלאָגען! וואָס איז געשעהן?“

— אייזיקל גנבֿ האָט אַ גוי'ע אַ קראַנקע קוה פֿערקויפֿט, שלאָגען זיי יודען.

אַ סך פֿון די פּויערים האָבען געקענט רבֿ שלמה'ן פֿון די הייף, חער „קופּיעץ“. אַ סך האָבען געמיינט, אַז עס איז דער רבֿ, האָבען זיי זיך איינגעשטעלט און געשריען: „דאָס געלד גיט'ס אָפּ! חעם יודען גיט אַרויס, קופּיעץ!“

און די יודען האָבען צוריק געשריען צו די פּויערים:

— חעם גוי גיט'ס אַרויס, דעם גוי! אַ גוי איז אויך געווען חערבּיי.

אַז רבֿ שלמה האָט געהערט, וואָס עס איז געשעהן, האָט ער געזאָגט:

— אַ רחמנות, אַן אָרימע גוי'ע, געהט'ס ברענגט'ס אייזיק'ן!

— די גויים וועלען איהם הרג'ענען, רבֿ שלמה!

— לאָז איהם אַ שוואַרץ יאָהר! דאָס געלד זאָל ער אָפּגעבען. איבער איהם וועלען מיר דעם מאַרק פֿערלירען. געהט'ס לייזער, בער — יונגען, ברענגט'ס איהם אַהער!

— אי פּאָ זשידאַ, אי פּאָ כלאָפּאַ — האָבען די יודען געשריען צו די גויים — ביידע זאָלען זיי קומען!

— געהט'ס, פּויערים! דער רבֿ הייסט, דער „קופּיעץ“ הייסט — האָבען די גויים געשריען.

און עס האָבען זיך באַלד אַוועקגעלאָזט אַ פּאָר שטאַרקע קצבים־יונגען נאָך אייזיקלען, און אַ פּאָר גויים — נאָך דעם „קאָני־קראַד“, ברענגען זיי אויפ'ן מאַרק.

חערווייל ווי רבֿ שלמה איז אַזוי געשטאַנען און גערעדט מיט די פּויערים און די יודען, כאַפּט זיך אונטער אַ יונגער שגץ און גיט רבֿ שלמה'ן אַ פּאַטש און ווערט פֿערשוואונדען צווישען די פּויערים.

מועהר האָט מען נישט בעדאַרפֿט. עס האָט זיך געגעבען אַ קאָך אין די יודען דאָס בלוט: רבֿ שלמה'ן האָט מען געשלאָגען! —

און אַריין אין דער מחנה פויערים. — בחנם האָט זיי רב שלמה אַוועקגעטריבען מיט דעם שטעקען, אַז זיי זאָלען זיך ניט שלאָגען; זיי האָבען צעפּראַסקעט די פּיסקעס פון יעדען גוי...

— דעם שגץ גיט'ס אַרויס!

דער שגץ איז אַריין צווישען די פויערים, און זיי האָבען געפּרובט איהם צו בעהאַלטען, נאָר נאָטע פודהרמאַן האָט איהם גענומען איפ'ן אויג. ער איז באַלד נאָך דעם שגץ אין די פויערים אַריין.

לאַנגע האָר האָט דער שגץ געהאַט — האָט ער זיך גענעבען א לאָז אַריין מיט דער האַנד אין דעם שגצ'ס לאָקען און ער האַלט איהם! בחנם רייסען איהם די פויערים און שלאָגען איהם איבער די הענד, בחנם בייסען איהם די פויערטעס דורך די שטיוועל, רייסען איהם שטיקער פלייש פון די פיס, פון די הענד אַרויס. נאָטע לאָזט שוין דעם שגץ נישט אָב, שלעפּט איהם נאָך זיך, ווי אַ שטיק אַייזען, און ציהט איהם פון צווישען די גויים אַרויס. די גוייִם טרעטען אויף איהם מיט די אַייזערנע פּאָדקאָוועס — אַ צעבלוטיגטער האָט זיך נאָטע אין דעם שגצ'ס האָר אַיינגעפלאָכטען, אַזוי ווי ער וואָלט אין איהם אַיינגעוואַקסען, לאָזט איהם נישט נאָך, שלעפּט איהם פון די פויערים אַרויס.

עס רינט דאָס בלוט פון זיי ביידען — פון נאָטע'ן און פון שגץ'ן מישט זיך אויס אינאיינעם — און צוגעקלעפּט איז ער צו איהם און קייקעלט זיך מיט'ן שגץ אויף דער ערד און שרייט צו די יודען: „דאָ איז ער!"

אַז די יודען האָבען דערזעהן דעם שגץ, זענען זיי צו מיט די שטעקענס, מיט די געוויכטער:

— „קופּצאַ פּשעפּראָש!" (בעט איבער דעם סוחר). עס האָבען זיך אַריינגעמישט די עלטערע פויערים, אַ פּאָר בעלי בתים, וועלכע האָבען געקענט רב שלמה'ן און אויך געשלאָגען דעם שגץ: „קופּצאַ פּשעפּראָש!" דער שגץ, אַ צעבלוטיגטער, מיט אויסגעבראָכענע פינגער איז געלעגען אויף דער ערד און געזוכט רב שלמה'ס פּאָלע פון ראָק, און געקושט ר' שלמה'ן די שטיוועל, די פּאָלעס, געציטערט פאַר שרעק און געשטאַמעלט: „אָ, יעזוס, אָ, באָזשע".

— לאָזט איהם אָב! האָט רב שלמה געשריען און קוים אַ לעבעדיגען איהם אַרויסגענומען פון די יונגענס הענד. אַייזיקל זעלנער האָט איהם נאָך געגעבען אַ פלעם מיט'ן שטעקען איבער'ן קאָפּ, און דער שגץ איז אַ האַלבער הרוג אַרויס פון יודישע הענד.

נאָר באַלד האָט מען געבראַכט צו פיהרען די צוויי גנבים, אַייזיקלען און דעם „קאָני-קראַד". די גאָמבינער סעדער-יודען האָבען געפיהרט אַייזיקלען. געפונען האָבען זיי איהם אין שטאַל באַהאַלטען. די הענד אַהינטער געבונדען און אַ בלייכער, אָהן אַ היטעל, איז אַייזיקל געגאַנגען. און די גויים פון דעם דאָרף כמעל האָבען געפיהרט דעם שכור'ן גוי, דעם „קאָני-קראַד". די שטאָדט האָט זיי געקענט. אַ בשותּפישע גנבים-פּאָר זענען דאָס געווען, און ווי עס זענען אין שטעדטיל אַ פּאָר זילבערנע לייכטער פערפאַלען געוואָרען, אָדער קאַלב-לעבער צוגעגנב'עט געוואָרען, איז מען געגאַנגען צו אַייזיקלען אויסקויפען.

שטיל איז געוואָרען צווישען עולם. די פויערים מיט די יודען האָבען זיך שוין אויסגעמישט אין איין רעדעל, שלום געמאַכט צווישען זיך — דאָ אַ צעבלוטיגטער קאָפּ און דאָרט אַ צעבלוטיגטער קאָפּ, און האָבען ביידע געשריען: „סאָנד, סאָנד נאַ זלאָדזשע" — אַ משפּט איבער די גנבים. רב שלמה האָט אַייזיקלען געגעבען דעם ערשטען פּאַטש און געשריען: „דאָס געלד גיב אָב! איבער דיר וועט אַ מאַרק צעפיהרט ווערען! פון אַן אָרימער גוי'ע נאַרסטו געלד אויס".

אַ בלייכער איז געשטאַנען אַייזיקל, און עס האָט זיך ביי איהם געטרייסעלט הענד און פיס. אַן אַלטער פויער פון כמעל האָט דעם „קאָני-קראַד" דעם ערשטען פּאַטש געגעבען מיט אַ געשריי: „אַ קריסט ביזטו? — אַ טאָטער ביזטו!"

שוין ווילען זיך אויף דעם פּאָר וואַרפען די יודען מיט די גויים און אויסגיסען אויף זיי דעם רעשט כעס, וואָס שטעקט נאָך אין זייער בלוט, נאָר רב שלמה האָט זיי אַיינגעהאַלטען: צום ערשט די גויע דאָס געלד אָבגעגעבען. די יודען האָבען בעזוכט אַייזיקלען. אין ציצה-כנפות האָט ער געהאַט אַיינגעבונדען די איין און צוואַנציג רובעל. ביי דעם גוי האָט שוין געפעהלט

אַ פּאָר קערבלעך — פֿערשיכּור'ט אין שענק — האָט רב שלמה צוגעלעגט פֿון זייניגע און אָבגעגעבען דער גוי'ע צוריק דאָס געלד. די גוי'ע האָט מיט טרערען אין די אויגען געדאַנקט רב שלמה'ן און געקושט איהם די קאַפּאָטע: „קופּיעץ ספּראַווערליוווי מאַ לי־טאָשטש נאַ ווראָווע אי סראָטע“ (אַן ערליכער סוחר, האָט רחמנות אויף אַן אַלמנה מיט יתומים). די ווערטער האָבען ווייך געמאַכט די יודען אויף דער גוי'ע, און זיי האָבען רחמנות געקראָגען אויף איהר: „טאַקע, אַן אָרימע גוי'ע! וואָס, אַ גוי'ע איז דען נישט קיין מענש?“— האָבען די ווייבער געשריען, — „מען נאַרט אויס ביי אַן אָרימער אַלמנה צוויי און פֿערציג קערבלעך!“...

האָבען זיך יודען געגעבען אַ נעם צום „סאַמאָ־סאָנד“ (זעלבסט־געריכט). די גויים האָבען זייער כּעס אויסגעגאָסען אויף דעם „קאָני־קראַד“ מיט געשרייען: „אַ קריסט ביזטו? — אַ טאָטער ביזטו!“ און די יודען מיט די שטעקעלעך אויף אַייזיקלען: „אַ יוד ביזטו? אַ טאָטערישע האַרץ האָסטו! פֿון אַן אָרימער גוי'ע געלד אויסנאַרען און איבער דיר אַ שטאָדט אומגליקליך מאַכען! אַ מאַרק צעפֿיהרען!“

אין אַ שעה אַרום זענען שוין געשטאַנען די כּמעלער גויים מיט די גאָמבינער יודען ביי דבורה'ן אין שענקעל. בראַנפֿען און געלד האָט זיך געגאָסען ווי וואַסער, איבערגעבעטען זיך און אַרומגעהאַלזט זיך איינע די אַנדערע ביי די אָרעמס. דאָס בלוט פֿון זייער גוטפֿריינדשאַפֿט איז נאָך ניט פֿערטריקענט געוואָרען אויף זייערע געזיכטער און קליידער, און די גויים האָבען געשריען: „מיר האָבען צו די יודען גאָרנישט: דער וואָס איז אַ גנב, איז אַ גנב, און אַ קופּעץ איז אַ קופּעץ“. און די יודען האָבען געשריען: „וואָס, אַ פּויער איז נישט קיין מענש? אַ פּויער איז אויך אַ מענש. איין גאָט איז נאָר אויף דער וועלט!“ און פּאַטשען זיך איינע די אַנדערע אין די הענד אַריין אויף „זגאָדע“ (שלום), אַז די הענד ווערען געשוואָלען.

און אַז מען איז דערנאָך ביים שטאָדט־פּלומפּעל געשטאַנען, און די יודען מיט די גויים האָבען איינע די אַנדערע וואַסער געפּלומפּעט און איבער'ן קאָפּ געגאָסען, דאָס בלוט פֿון קאָפּ און פּרצוף אָבגעוואַשען, האָט נישט איין גוי אויסגעשריען, טאַפּענ־

דיג זיך בײ זײן לאָך אין קאָפּ: „טע גאָמבינסקי זשידי װצאַלע ניע זשידי! ניע דאַיאָן זשי יזכא!" (די גאָמבינער יודען זענען גאָר קײן יזחען נישט, זײ לאָזען זיך נישט, די הינטישע בלוט).

אָבער פאַרנאַכט, אַז דער עלטסטער סטראַזשניק מיט'ן װאָיט זענען אָנגעקומען אין שטעדטיל אַרײן, האָט מען אַ „פּאַפּיר" געמאַכט, רב שלמה'ן אַלײן אױפגעשריבען און אַ סך גאָמבינער יו־דען מיט פּיערים, װײל זײ האָבען אַלײן אַ „סאָנד" געמאַכט. װאָ־רום מען האָט אַײזיקל גנב און דעם „קאָני־קראַד" פון גאַס געמוזט אױפהױבען און אין שפּיטאָל זײ נעמען; אַזױ צעשלאָגען זענען זײ געװען.

# פינפטער קאפיטעל.

## די פישערס.

רב שלמה איז געפאָהרען אין דאָרף אַריין.

פאַר־נאַכט צו איז ער אָנגעקומען צו די לענסקער טייכען. ער האָט געדאַרפט זיין ביים שררה אין לוצק, האָט ער נישט געוואָלט ביי־נאַכט הורכפאָהרען דעם לוצקער וואַלד. און אַ חזקה האָט ער צו נעכטיגען דאָרט, וואו אַ יוד וואוינט. האָט ער דעם יונג געהייסען פערפאָהרען צו ברוך לענסקער אויף נאַכט־לעגער.

די נעכט האָבען שוין אָנגעהויבען צו ווערען קאַלטע. עס איז שוין געווען אַ שטיק אין אלול אַריין, און די סעדער און די נאַסע לאָנקעס, וועלכע האָבען זיך געלעגט אַרום די גרויסע לענ־סקער טייכען, זענען שוואַרץ־גרין געווען אין פייכט; פון דער־ווייטענס האָט שוין אַרויסגעשימערט דאָס ליכטעל פון ברוכ'ס פענס־טער אַרויס און אַריינגעדרונגען ווייט אין די נאַכטליכע סעדער אַריין און אָבגעשלאָגען אַ ווידער־שיין אין די שוואַרצע סטאַווען.

דער יונג איז פערפאָהרען אין הויף אַריין. אויף דער שוועל פון הייזעל האָט זיך געוויזען רחל, רב ברוכ'ס יונגסטע טאָכטער. איהרע שוואַרצע האָר זענען געווען צעלאָזט, די אַרבעל פון די הענד אַרויפגעשאַרצט ביי דער אַרבייט. דערזעהן פון דערווייטענס רב שלמה'ס פוהר, האָט די מויד מיט פרייד אויפגעלאַכט און איז אַריין אָנזאָגען די גדולה. רב שלמה'ן האָט עס געגעבען אַ קלאַפ אין האַרץ... ער האָט געוואָלט הייסען דעם יונג אומדרעהען, נאָר פערשעמט זיך פאַר זיך אַליין און פאַרוואורפען געמאַכט זיך און געזאָגט: אַ דאָרן דעם יצר־הרע אין די אויגען אַריין.

עס זענען געשטאַנען רב ברוכ'ס צווי מוידען, שטאַרק, ווי

די גוייִם, בײַ אַ גרויסער באַליע וועש און געוואַשען. אַ וועש איז
אָהן עין־הרע געווען בײַ ברוך לענסקער אַ גרויסע. געהאַט האָט ער
צעהן מיידען און זעקס יונגען, אַלע שוין אויסגעגעבען, אַחוץ די
צוויי יונגסטע. די אַרומיגע קצבים, פֿישער זענען זיינע איידעמס
אָדער זיהן, און אַלע וואוינען און האַלטען בשותּפֿות דעם סטאַוו.
און די מיידען וואַשען די וועש פֿאַר דעם גאַנצען הויזגעזינד.
געטראָפֿען האָט רבֿ שלמה ברוכ׳ן קראַנק. אַרויסגעקוקט האָט דער
אַלטער יוד פֿון דעם ים קישענס און דעקעס אַרויס אַ צעהיצטער,
אַ צעוואַרימטער, מיט אַ רויט פּנים, ווי פֿון אַ וואַרימער באָד אַרויס.
וואָרום היים איז געווען אין שטיבעל נישט אויסצוהאַלטען, און
אַרויפֿגעלעגט האָבען זיי אויף דעם יודען אַלע קישענס און דע-
קעס, וואָס האָבען זיך געפֿינען אין דער משפּחה. דערגרייכט האָט
דער טורעם פֿון די קישענס ביז׳ן האַלבען באַלקען אַריין. פֿער-
זאַמעלט זענען געווען אַרום דעם בעט פֿון דעם אַלטען פֿישער-
יוד אַלע זיינע זיהן און איידעמס, אייניקלעך און אור־אייניקלעך;
ערשט אַהיים געקומען פֿון וועג נאָך אין די קליידער, טיי געטרונ-
קען מיט צעפֿלאַמטע שטאַרקע פּנימ׳ער און אויסגעהערט דעם פּאָ-
טערס קרעכצען.

— אוי, שלעכט, רבֿ שלמה, — ברומט דער יוד פֿון בעט
אַרויס, דערזעהענדיג אַריינקומען רבֿ שלמה׳ן, פֿאַר וועלכען אַלע
האָבען זיך איפֿגעהויבען. מיט איין שאַר מיט דער האַנד האָט
דער אַלטער אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך דעם טורעם מיט די קישענס
און דעקעס און אויפֿגעזעצט זיך אויפֿ׳ן בעט — כּשוף מיר אָנגע-
טאָן. די גוי׳ע, וואָס דער גנבֿ האָט איהר די קראַנקע קוה איינ-
געהאַנדעלט. כּשוף געטאָן, רבֿ שלמה, איך האָב עס אַליין גע-
זעהן, דורכגעהענדיג דעם דאָרף, — זי האָט דאָך געוויזען מיין
קאָפּ אין שפּיגעלע יוסעלען דעם דאָרפֿס־גייער, ער האָט דאָך דער-
צעהלט אין דער חבֿרה.

אַלט איז געווען ברוך לענסקער, פֿון די אַמאָליגע פֿישערס.
קיינער, אַפֿילו נישט ער אַליין האָבען געוואוסט, ווי אַלט חער יוד
איז. אַז מען האָט איהם געפֿרעגט: „ווי אַלט?“ — האָט ער גע-
ענטפֿערט: „צעהל דיינע צייהן“. אַזוי האָט ער געלעבט אָהן רע-
כענונג ווייט אין די יאָהרען אַריין. געזעהן האָט ער אַ שטיק וועלט.

נאַפּאָלעאָנ׳ען נאָך, ווען ער איז מיט זיין מיליטער אין גרויס־פּוילין געווען. צוגעשטעלט בשתיקה האָט דער יוד די פּאָלאַקען אָקסען אין די וועלדער אַריין, ווען זיי האָבען די „פּאָווסטאַנ׳יע“ געמאַכט, — און נישט איין מאָל שוין געשטאַנען „אונטער׳ן מעסער“. קיינמאָל נישט קראַנק געווען, קינדער געהאַט יעדעס יאָהר, ביז טיף אין דער עלטער אַריין, און אויפגעשטעלט אַ דור מיט פישערס און קצבים, וועלכע בעזאָרגען אַ האַלבע מדינה יודען מיט פיש און פלייש אויף שבת. יעדער שענער פישער, אַלטער קצב איז זיין „מחותן“, און פאַר זיינס אַ פּאַטש ציטערט נאָך היינט אַ גאָמבינער יונג.

— וואָס איז אַייך דען? — פרעגט רב שלמה, — געווען דער פעלדשער?

— וואָס פעלדשער, אַז זי האָט כשוף געטאָן, די גוי׳ע? כ׳גּעה אַהורך איהר הויז, האָט זי מיר אונטערגעוואָרפען אַ פערדישע פּאָדקאָווע, אַז איך זאָל אויפהויבען. דאָס האַרץ האָט מיר באַלד אָנגעזאָגט נישט גוטס, נאָר געה הויב נישט אויף קיין פּאָדקאָווע. איפגעהויבען די פּאָדקאָווע, און איך הער הינטער מיר אַ בייז געלעכטער. איך קוק זיך אום, די גוי׳ע שטעהט אויף דער שוועל פון דער טיר. „מיין שוואַרץ יאָהר אויף דיין קאָפּ“. איך האָב באַלד געפיהלט, אַז עס איז נישט גוט. אַזוי ווי איך בין נאָר אַהיים געקומען, האָט מיר אָנגעהויבען צו פלאַמען די לינקע זייט. און פלאַמט און פלאַמט, ווי אַ פייער וואָלט געברענט. זיי שמירען מיך מיט זאַלבען, וואָס מען שמירט די פערד. שמיר היינט, שמיר מאָרגען, אַז יוסעלע דאָרפס־געהער האָט מיין פּנים אין אַ שפּיגעלע געזעהן. נאַ, קוק אַריין, — זאָגט זי, — און טראָגט איהם אונטער אַ שפּיגעלע. מיין פּנים האָט ער דאָך געזעהן. און נישט בלויז מיך האָט זי איהם געוויזען, נאָר אַלע יודען, און „וואַש ראַביען, אי טען באָגאַטע קופּיעץ“, זאָגט זי. וואָס וועט דיר דאָ העלפען שמירען, אַז אַ כשוף שטעקט דיר אין די זייטען?

דער יוד האָט אָפּגעקרעכצט, אויסגעטרונקען דעם טיי און אונטערגעשטעקט צום שמירען די זייט, וועלכע איז שוין געווען קאָלירט פערשיידען־פאַרביג פון אַלערליי שמירערייען, וואָס זענען

אויף איהר אויסגעגאָסען געוואָרען. דאָס ווייב איז געזעסען אויפ'ן ראַנד פֿון בעט, די קינדער אַרום, און קיינס האָט נישט דערוועגט זיך קיין וואָרט אויסצורעדען אין רב שלמה'ס געגענוואַרט. דער עלטסטער זוהן, לייזערל, אַ שטאַרקער קצבֿ, איז צוגעגאַנגען און אַרויפגעגאָסען זיך אויף די הענד עפּיס אַ זאַלבּ, וואָס די גאַנצע שטוב איז געוואָרען פֿערכאַפּט פֿון זיין ריח, וואָס מען שמירט דערמיט פֿערד, און האָט אָנגעהויבען דעם פֿאָטערס זייט אַזוי צו רייבען מיט זיינע אַייזערנע הענד, אַז דער אַלטער האָט געקרעכצט אונטער זיי, און אויך הנאה געהאַט דערפֿון: „אַ, אַ". דערנאָך, אַז זיי האָבען איהם אין בעט אַריינגעלעגט, אַ האַלבען עמער געקאָכט וואַסער, אָנגעגאָסען אין פֿלאַשען, אַרום איהם געלעגט, האָבען זיי איהם ווידער צוגעדעקט מיט די אַלע קישענס און דעקעס. דער אַלטער האָט געשוויצט, ווי אין אַ באָד. מיד איז ער געווען פֿון דעם רייבען, איז ער באַלד איינגעשלאָפען, אַרויסגעשטעקט זיין צעקאָכט פּנים פֿון דעם ווייסען בעטגעוואַנד און פֿערנומען דאָס שטיבעל מיט זיין מורא'דיג שנאָרכען.

דערווייל האָבען די מוידען צוגערוימט אַ שטיבעל פֿאַר רב שלמה'ן. די זיהן מיט די איידעמס זענען אַהיים צו די ווייבער אויף נאַכט-עסען געגאַנגען און צום טייך אַראָב, אויף אַ גאַנצע נאַכט די פֿיש כאַפּען (עס איז געווען דאָנערשטאָג אויף דער נאַכט, ווען מען כאַפּט די פֿיש אויף שבת). אין קיך האָט שוין געקנאַקט איבער'ן פֿייער אַ פֿריש יאַיכעל פֿאַר רב שלמה'ן. און רב שלמה האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעל ביים שויבען-שענקעל, פֿון וועלכען עס האָבען אַרויסגעשמעקט די פֿרישע עפּעל, מעריבֿ דאַוונען.

לאַנג איז געשטאַנען רב שלמה ביי דער שמונה עשרה און געבעטען צום רבונו של עולם מיט אַ צעבראָכען האַרץ. אָבער נישט די תּפלה פֿון סדור האָט ער געבעטען, אַן אַנדער תּפלה: „רבונו של עולם, שטעה מיר ביי, לאָז מיך נישט אַריינפֿאַלען אין שטנ'ס האַנד, רבונו של עולם!" וואָרום אַ גרויסער נסיון איז איהם פֿאָרגעקומען בייצושטעהן — רחל'ע, ברוך לענסקער'ס יונגערע טאָכטער.

שוין לאַנג, ווי ער פֿיהלט, דער יצר-הרע שטופּט איהם

צו איהר.... נאָך דענסטמאָל, בשעת נעלע האָט נאָך געלעבט. אָבער זינט ער האָט חתונה געהאַט מיט דעם יונגען ווייבעל, האָט ער ביי זיך דעם יצר־הרע אַראָבגעוואָרפען. אין אַ פּאָר מאָל איז ער איהם שוין בייגעשטאַנען... נור היינט, איצט, און ביי רחל'ען... גאָר צו־פיעל געוועהנט איז ער געווען צו איהר, דערפאַר בעט ער איצט מיט אַ צעבראָכען האַרץ און שטעהט לענגער שמונה עשרה.

און אַזוי ווי ער שטעהט איצט, און דאָס האַרץ און די מחשבה איז זיך מתכון צום רבונו של עולם, הערט ער איהרע טריט. מיט גרויס פאַראַד גרייט זי צום טיש פאַר'ן סוחר, און ער הערט, ווי איהר פרייד איף זיין קומען שפּראָצט אַרויס פון איהר גאַנג. ער הערט עס אין די בעוועגונגען איהרע, אין די טריט איהרע, אין דעם קלאַנג פון די טעלער, וואָס זי גרייט צום טיש — און עס נעמט איהם אַרום אַ וויי געפיהל צו איהר... אַ רחמנות און אַ צערטליכקייט... מען טאָר נישט פערשעמען קיין געפיהל, פון וועמען עס קומט אויך — טראַכט ער זיך, — זי איז דאָך אויך אַ בעשעפעניש! און ער הויבט אָן מורא צו קריגען פאַר זיך... און האָט פערדראָס, פאַרוואָס ער איז אַהער פערפאָהרען, פאַרוואָס ער האָט זיך איינגעשטעלט. אָבער באַלד געפינט ער דעם בטחון אין רבונו של עולם. דער רבונו של עולם וועט איהם ניט פערלאָזען, וואָרום וואָס וואָלט דען פון דעם מענשען געוואָרען, ווען נישט דער רבונו של עולם? — ער פיהרט דאָך אַלע אונזערע מעשים...

אַז ער האָט צוריק געפונען זיין בטחון, איז ער רוהיגער געוואָרען. אויסגעגאַנגען שמונה עשרה, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין שטיבעל. דער יצר־הרע האָט שוין אַלץ אָנגעגרייט פאַר איהם... דער אַלטער איז פעסט געשלאָפען, אויפ'ן טיש איז געווען אויסגעשפּרייט אַ ריינער טישטוך, געווען געגרייט צום טיש בעל־הבית'יש... די שטוב אויסגעקעהרט, מיט זאַמד אויסגעשאָטען, דער לאָמפּ ברענט זיך פרעהליך, און פון דער צווייטער שטוב, פון דער קיך, הערט זיך, ווי זי וואַשט זיך... רחל'ע וואַשט זיך! דאָס קאַלטע וואַסער גיסט זיך איבער איהר נאַקעט לייב, איבער איהרע נאַקעטע הענד און האַלז...

רב שלמה האָט געפּרובט צו קלערן וועגן לוצק, וועגן די צוויי טייזענד זעקלעך ווייץ, וואָס עס שטעהט איהם פאָר מאָרגען צו קויפען, וועגן דעם, וואָס לייבוש קראָשענווי־צער האָט נישט אויסגעקויפט די שעפּסען, און וועגן דעם משפּט, וואָס שטעהט פאָר איבער די צוויי גנבים, וואָס יודען און גויים האָבען בשותּפות געשלאָגען אויפ'ן יאָהר־מאַרק. אָבער פון דעם אַלעם שווימט איהם אויפ'ן געדאַנק אַרויס „דוד המלך מיט בת־שבע"‥‥ „זי האָט זיך געוואַשען אויפ'ן דאַך, און דער קעניג האָט זי געזעהן‥‥"

און ווידער טראַכט ער:

— שלעכט געטאָן, דאָ פערפאָהרען. מיט'ן יצר־הרע טאָר מען זיך ניט שפּילען.

נור באַלד איז זי, רחל'ע, אַריין אויף דער שוועל פון דער טיר. ער האָט געקוקט אויף איהר‥ געווען איז זי איצט אָנגעטאָן אין אַ ריין געוואַשען ווייס קאָפּטעל, און די שענסטע שירץ פון קאַסטען אַרויסגענומען. און די שוואַרצע געדיכטע האָר, ווי אַ ים וואַסער, בעלעגען איהר קאָפּ, און גרויסע אויגען האָט זי, און אַ שטאַרקען ווייסען האַלז, וואָס קוקט אַרויס פון אויסגעשניטענעם קאָפּטעל, און רויטע ליפּען, און שטאַרקע ווייסע צייהן, און אַז זי לאַכט, לאַכט אַלץ מיט מיט איהר. זי שטעהט און קוקט איהם אין די אויגען אַריין, און אַ גרויסע פרייד שפּראָצט פון איהר פּנים אַרויס, אַז זי בעדינט דעם סוחר. זי וויל איהם זיין וואונש פון די ליפּען אַראָבשאַרען‥‥ יאָ, ער האָט מורא פאַר איהר‥‥ ער ווייס, אַז זיין האַרץ איז שטענדיג געווען גענייגט צו איהר, און נאָך דעם ווייבס טויט, ווען ער האָט געקלערט וועגן אַ שידוך, האָט ער געקלערט וועגן איהר, — פון דער עבירה מאַכען אַ מצוה‥‥ פון אַ שטאַרקער משפּחה קומט זי אַרויס: צעהן ברידער, ווי די ריזען. אַ שטאַרקער דור וואָלט אַרויסגעקומען פון איהר. נאָר ער האָט'ס נישט געוואָלט טון פאַר די קינדער. די קינדער וועלען זיך שעמען, און צוליעב נעכען, עליה השלום, און צוליעב דער וועלט, האָט ער גענומען אַ בת נדיבים.

אין שטיבעל איז קיינער נישט געווען. רחל'ע איז גע־

בליבען מיט רב שלמה'ן אַליין. אַ מינוט האָט זי געוואַרט. צום סוף זאָגט זי:

— רב שלמה, לאַנג שוין נישט געווען ביי אונז. מיר האָבען אַזוי געוואַרט! — דערביי איז זי רויט געוואָרען און אין פערלענגע־רייט שטעהן געבליבען אין אַ ווינקעל.

רב שלמה ענטפערט נישט.

— רב שלמה איז אַודאי הונגעריג; דאָס עסען וועט באַלד פאַרטיג זיין.

און זי קוקט איהם מיט שרעק אין די אויגען אַריין—מסתמא איז דער סוחר ביין. זי בעטראַכט איהם. נאָר אַז זי זעהט, אַז רב שלמה ענטפערט נישט, שווייגט זי און וואַרט אַ מינוט אין שטוב. איהר האַרץ קלאַפּט אין דער הויך אַזוי, אַז רב שלמה הערט עס, הערט, ווי זי וואַרט און קוקט איהם מיט געטריישאַפט, ווי אַ הונט אין פּנים אַריין, און וואַרט אויף עפּיס, כּאָטש אויף אַ גוט וואָרט, און ער קאָן עס נישט איבערטראָגען, — רופט ער זיך אָן צו איהר מיט אַ שמייכעל אין באָרד אַריין:

— און וואָס מאַכט עטיך? נישט אויסגעקומען, רחל'ע, דאָ צו זיין. אפשר איצט אָפּטער. וואָס, אפשר שוין אַ כּלה געוואָרען?

די מויד ווערט רויט פאַר פרייד, ענטפערט מיט האַלב־פערשטענדליכע ווערטער און ברעכט אָב אין מיטען. נאָר זי קוקט, קוקט אויף רב שלמה'ן מיט פרייד און דאַנקבאַרקייט פאַר זיינע וואַרימע רייד, וואָס ער האָט גערעדט צו איהר, און וויל שוין מעהר גאָרנישט. זי געהט גליקליך פון שטיבעל אַרויס און הויבט אָן צו דערלאַנגען אויפ'ן טיש. ביים וואַשען האָט זיך רב שלמה אומגליקליך געפיהלט. אָט האָט ער שוין געגעבען די האַנד דעם יצר־הרע, נאָר אינערליך האָט ער זיך נישט געפיהלט שולדיג און זיך געפיהלט געגוג שטאַרק. איבעריגענס, האָט ער זיך פערלאָזט אויפ'ן רבונו של עולם, אַז דער רבונו של עולם וועט איהם נישט לאָזען קומען צו קיין עבירה.

רחל'ע האָט דערלאַנגט דאָס עסען פאַר רב שלמה'ן און האָט קיין איינציג וואָרט נישט גערעדט. דאָס פּנים האָט איהר נאָר געפלאַמט, ווי פייער, און דאָס האַרץ האָט הויך געקלאַפּט פון אונטער דעם לייכטען ווייסען קאָפּטעל. די האָר האָבען זיך איהר

נישט געהאַלטען און אַרויסגעפּלאָנטען זיך פון די צעפּ. אַז זי האָט דערלאַנגט דעם טעלער צום טיש, האָבען איהר די הענד געציטערט. רב שלמה האָט דאָס אַלץ בעמערקט, און איהר אומרוהיגקייט האָט איהם הנאה געטאָן. ער האָט איצט פערגעסען אָן אַלץ און הנאה געהאַט פון עסען און פון דעם, וואָס זי שטעהט הינטער איהם, ביי דער טיר, שטעהט און קוקט, ווי ער עסט, וואַרט, ווי אַ געטרייער הונט, און ער הערט איהר האַרץ-קלאַפּען פון דערווייטענס.

לאַנג און הויך האָט ער געצויגען דאָס בענשען און פרום און ערנסט געבענשט. און זי איז אַלץ נאָך געשטאַנען אויף איין אָרט ביי דער טיר און האָט נישט אַראָפּגענומען דאָס אויג פון איהם. בעטראַכט איהם, בעטראַכט און געוואַרט, און דאָס האַרץ אידרס האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס.

אין שטיבעל איז קיינער נישט געווען. די מוטער איז שוין געשלאָפען, און די שוועסטער איז אַוועק צו אַ שוועגעריןָ. עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס שנאָרכען פון ברוך לענסקער. רב שלמה האָט נאָכ'ן בענשען אַרויסגענומען זיין רעכען-ביכעל און דעריינען אַריינגעקוקט. די מויד האָט אַלץ געוואַרט, געשטאַנען אויף איין אָרט און נישט אַראָפּגענומען דאָס אויג פון איהם. אַז ער האָט זיין רעכען-ביכעל צוגעמאַכט, האָט די מויד געפרעגט פערשעמט, מיט אַראָפּגעהאַלטענע אויגען צו דר'ערד:

— וואו וועט רב שלמה שלאָפען? וואו שטענדיג?

רב שלמה האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ און ווייטער געווען פערנומען מיט זיינע זאַכען. די מויד איז פלינק אַריין אין קאַמער, אין דער צווייטער שטוב. רב שלמה איז איצט אומרוהיג געוואָרען. דאָס האַרץ האָט איהם געקלאַפּט, און זיינע נאָזלעכער האָבען געציטערט... ער האָט אָנגעהויבען שפּרייזען איבער דער שטוב מיט פלינקע טריט. ער האָט געוואָלט אַרויס פון שטוב, און האָט נישט געקאָנט. ער איז אַריין אין קאַמער. רחל'ע איז געשטאַנען ביי דעם בעט, וואו ער האָט געזאָלט שלאָפען, און אויסגעשפּרייט אַ פרישׁ ליילעך. אַז זי האָט איהם דערזעהן שטעהענדיג פאַר איהר, האָט זי אויפגעעפענט די אויגען מיט די ליפּען און געקוקט איהם אין פּנים אַריין. איהרע אויגען האָ-

בען אַ גלאַנץ געוואָרפען, און אירע צייהן האָבען זיך אַרויסגעביסען אויף אירע ליפען, און זי האָט געקוקט אויף איהם האַלב אין חלשות, און געוואַרט, געוואַרט, ווי אַ געטרייער הונט... און דאָס האַרץ האָט איהר הויך געקלאַפּט.

— דו דאַרפסט אַ כלה ווערען, רחל'ע, — האָט איהר רב שלמה געזאָגט אַ בלייכער, — נאַ, בעהאַלט דיר דאָס, וועסטו האָבען צו שטייער אויף נדן. דו דאַרפסט אַ כלה ווערען, רחל'ע!

דאָס מיידעל האָט געלאָזט פאַלען דעם הונדערטער אויף דר'ערד און האָט איהם געקוקט מיט צער אין פנים אַריין, און פון אירע אויגען האָבען אַרויסגעשפּראָצט די טרערען אַזוי גרויס און פול, ווי די פּעריל.

דאָס האָט איהם גערידהרט, און ער האָט זיך פאַרוואורפען געמאַכט פאַר דער שטאָלצקייט. „האָסט צוגעוועהנט דאָס מיידעל צו דיר" — האָט ער זיך געזאָגט, און ער איז שוין גרייט געווען אַ טריט נעהנטער צו טון צו איהר, און אויסגעשטרעקט די האַנד נאָך איהר, ווי דאָס מיידעל מיט פערמאַכטע אויגען האָט זיך אין זיין האַנד ווי אַ קרבן איבערגעגעבען... נאָר באַלד האָט ער געקלערט: יעדע יודישע טאָכטער איז ווי אַ מלכ'ס אַ טאָכטער, און זי וועט אַמאָל וועמעס ווייב זיין. דאָס האָט איהם צוריקגעשטעלט. ער האָט צו איהר געזאָגט מיט אַ ווייכער, וואַרימער שטים:

— ניין, רחל'ע, דו דאַרפסט אַ כלה ווערען, רחל'ע, און גאָט זאָל דיר געבען, דו זאָלסט דיין בעשערטען געפינען, — און ער איז פלינק פון שטוב אַרויס.

———

די נאַכט איז געווען אַ טונקעלע און אַ וואַרימע, כאָטש שוין אַן אלול־נאַכט. אַלע פרוכטען און געוויקסען זענען שוין רייף געווען, און ביי־נאַכט האָט דאָס די מיילער געעפענט און אַרויסגעהויכט פון זיך דעם פעטען פרוכטען־געשמאַק. פעט איז די ערד אַרום די לענסקער טייכען, רייך מיט סעדער, און דער עפעל און דער באַרן, אַז זיי ווערען רייף, צעשיקען זיי זייער ריח און פילען אָן די לופט. ליכטליך האָבען זיך געלויכטען פון די גערטענער אַרויס, וואו יודען זענען געזעסען אין די סע־

דער צווישען גרינס. ליכטלעך האָבען געבלאָנדזשעט איבער די טונקעלע טייכען פון די פישער, וועלכע האָבען פערשפרייט די נעצען, די פיש צו כאַפּען איבער נאַכט. אַלץ האָט זיך גע'טובל'ט אין גערדיכטען, פעטען טונקעלן גראָז, וואָס איז פול געווען מיט נאַכט=טוי. רב שלמה איז ווייט געגאַנגען אין דער נאַכט, ביז ער איז אָנגעקומען צו די ברעגעס פון טייך. דאָרט זענען געזעסען די יודען, די פישערס, וועלכע האָבען אָבגעוואַרט די נעץ מיט די פיש, וואָס די יונגערע פישערס וועלען צופיהרען אויף די שיפלעך צום ברעג, דערווייל געשמועסט אין וואַסער אַריין, דערצעהלט מעשיות פון שדים, פון ל״ו=ניקעס, און זייער געשפרעך איז, ווי בליי, אַריינגעפאַלען און פערטרונקען געוואָרען אין דעם שוואַרצען טייך. אַז זיי האָבען דערזעהן רב שלמה׳ן (זיי האָבען געוואוסט, אַז רב שלמה נעכטיגט אין דאָרף), האָבען זיי זיך אויפגעשטעלט, אָבגערוקט זיך און געמאַכט איהם אַן אָרט צווישען זיך.

— איהר שלאָפט נישט, רב שלמה?

— נאָך פריה. וועגען וואָס רעדט איהר, יודען?

— אָט זיצען מיר און דערצעהלען זיך מעשיות פון אַלטען גאָסטינינער רבי׳ן, — זאָגט לייזער פישער, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ למדן, וואָרום ער איז געווען דער בעל=תפלה אין דער פישער=חברה, — מיר ווילען דאָך פאָהרען אויף שבת=תשובה קיין גאָסטינין פאַר׳ן משפט. רב שלמה ווייס דאָך, אַז דער גוי איז געשטאָרבען.

— וועלכער גוי? — דער גנב פון יאָהר=מאַרק?

— יאָ, דעם גוי האָבען זיי גע׳הרג׳עט. איצט וואַרפען זיי אַלץ אַרויף אויף די יודען — אַז מיר האָבען גע׳הרג׳עט דעם גוי. און דער גאַנצער פראָצעס פאַלט אויף אונז. זיי האָבען זיך גענומען אַ „שרייבער“, ער זאָל פיהרען דעם פראָצעס.

— אונזער פראָצעס וועט פיהרען דער רבונו של עולם! — האָט זיך אָבגערופען אַן אַלטער יוד, וואָס זיין ווייסע באָרד האָט געלייכטען אין דער טונקעלער נאַכט אַריין — מיר וועלען פאָהרען קיין גאָסטינין, דער רבי זאָל פאַר אונז מתפלל זיין.

— זיי פאָהרען אויפ׳ן „אָטפוסט“ צו זייער „הייליגען“. אַז איהר פאָהרט זיך צו אייער גאָט, פאָהרען מיר צו אונזערן,

און מיר וועלען זעהן, וועלכער איז שטאַרקער, — רופט זיך אָב אַ יונגער פישער, אַ גראָבער יונג.

— ווען פאָהרט איהר? — פרעגט רב שלמה.

— אויף שבת־תשובה. דער משפט וועט זיין אַ טאָג פאַר ערב יום־כפור, ווילען מיר שבת־תשובה ביים רבי'ן זיין. קראָ־שענוויץ פאָהרט, זשאָבלין פאָהרט — אַלע פון די מקומות פאָהרען, וואָס זיי האָבען „איפגעשריבען", אַז דער רבי זאָל מיט אונז תהילים זאָגען. רב שלמה וועט דאָך אויך זיין?

— אַז אַלע יודען פאָהרען, וועל איך אויך אויף שבת זיין.

— מען מעג פאָהרען צו איהם, רב שלמה. אוי, מעג מען, — דערצעהלט ווידער דער אַלטער פישער דער בעל־תפלה, — איך האָב נאָך זיין פאָטער, דעם אַלטען גאָסטינינער, געקענט. איז דאָס געווען אַ יוד, ווען ער האָט אונז דעם לענסקער טייך אָבגעריינינגט! איהר געדענקט נישט, פישערס, ווען דער טייך איז געשטאַנען אַ „טמא", די פיש זענען איבער די ברעגעס געשוואומען, און קיינער האָט זיך צו זיי ניט צוגעריהרט; דער טייך איז געווען פערשאָלטען. שנעקעס זענט איהר נאָך דעמאָלט געווען. מיר, אַלטע פישערס, געדענקען עס, ווען עס האָט פון טייך „געסטראַשעט" מיט ניט־גוטע. אַך, ווען נישט דער אַלטער גאָסטינינער, זכרונו לברכה, וואָלט איהר נישט היינט אויף די זאַמדען פיש געכאַפט.

— דערצעהלט, רב לייזער, דערצעהלט. רב שלמה וויל אויך הערען, — ווערען יודען נייגעריג.

דער יוד רוקט זיך נעהנטער צו צו רב שלמה'ן און הויבט אָן דערצעהלען, און זיינע ווערטער ווערען פערשוואונדען אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין.

— פאַרצייטענס, רב שלמה, ווען עס איז נאָך נישט געווען דער נייער גאָסטינינער וועג, איז מען געפאָהרען צום טייך מיט'ן אַלטען פוילישען וועג. ברוך לענסקער האָט דאָרט דעמאָלט געוואוינט אויף יענער זייט טייך. איך האָב גענומען דעם טייך, בעצאָהלט דעם שררה דריי הונדערט גילדען, און דאָ הויבט מען אָן צו רעדען, אַז פישערס ווילען נישט די נעץ פערוואַרפען אין וואַסער — עס „סטראַשעט" מיט שדים. יודען — סוחרים, שניידערס,

שוסטערס פֿאָהרען אויף די יאָהר-מערק, קומען אַהיים, דערצעהלען מיאוסע זאַכען. איינער האָט געזעהן פֿון טייך ווייסע גענז אַרויסגעהן, זענען זיי נאָכגעפֿאָהרען די גענז, געוואָלט זיי כאַפּען. מיט אַמאָל ווערען די גענז נישט, און די פֿוהר ליגט אין אַ בלאָטע, נישט אַרויסצוקריכען. אַנדערע דערצעהלען, אַז זיי האָבען ביינאַכט געזעהן פֿרויען זיך באָדען אין טייך, געפּאַטשט אין וואַסער און הויך געלאַכט. עס דערצעהלט איינער, אַ צווייטער, און מען הויבט אָן צו וויכען דעם וועג בײם טייך. עס רוקט זיך אָן מיין טערמין, איך געה צו אַ פֿישער אַ גוי: „פֿערוואַרף מיר די נעץ אין טייך", — „פֿאַר קיין מיליאָן אויך נישט. מיין לעבען און מיין אמונה איז מיר טייערער".

געה איך צו אַן אַנדער פֿישער: „פֿערוואַרף מיר די נעץ אין טייך!" — „מיין לעבען און מיין אמונה איז מיר טייערער". נישט גוט, טראַכט איך מיר. לויף איך צו אַנטאָניען. אַ גוי געווען דעמאָלט אַ וואָיאַק, בעקאַנט געווען אין די מקומות פֿאַר „אַ לעבען-אַיינשטעלער": „געה, פֿערוואַרף מיר די נעץ אין טייך". — „אַז דו וועסט מיטגעהן. אין צווייען געה איך, איינער נישט".

קלער אַהין, קלער אַהער, דריי הונדערט גילדען איז דאָך עפּיס געלד, און אַ ווייב מיט קינדער זענען נישט קיין שטיינער אויף דער גאַס. גוט, זאָג איך. איך שטעל אַיין דאָס לעבען. מיר נעמען אַ פֿוהר, פֿערפֿאָהרען צו ברוכ'ן. זאָגט ער צו מיר: „לייזער, לאָז אָב, זעהסט, די פֿענסטער, וואָס געהען אַרויס פֿון מיין שטיבעל צום טייך, האָב איך פֿערהאַקט — איך וויל נישט זעהן, וואָס דאָרט טוט זיך ביינאַכט. אַ גאַנצע נאַכט האַלט איך דעם סדור אויפגעמישט ביי „שמע ישראל" און טאָפּעלטע מזוזות אָנגעשלאָגען".

איך קוק אויף גאָרנישט. קום, זאָג איך, צום גוי. מיר וואַרטען, ביז עס ווערט טונקעל. זומער, עס ווערט שפּעט פֿינסטער. די נאַכט וואַרפֿט זיך שוין צווישען די קשאַקעס אין טייך אַריין. לאָזען מיר זיך מיט'ן שיפֿעל, פֿערוואַרפֿען די נעץ. צוערשט גאָרנישט, עס פֿאַלט די נאַכט ביסלעכווייז, ביז עס ווערט גאַנץ טונקעל. פּלוצים זאָגט צו מיר דער גוי: „לייזער, גיב נאָר אַ קוק!" איך גיב אַ קוק. איהר זעהט דאָרט אין טייך, וואו

דאָס שיפֿעל פֿערפֿאָהרט איצט, דאָרט פֿון יענעם עק ביי די קשאַקעס, גיט זיך אַ טויך אַ פֿרוי, אָבער אַ פֿרוי, ווי אַ פֿריצ׳טע, מיט נאַסע האָר, גיט זיך אַ קוק אַרום איבער׳ן וואַסער מיט אַ פּאָר גרינע אויגען, ווי אַ לעמפּעל וואָלט דיר אַרומגעלאָפֿען איבער׳ן וואַסער און אַ ברום כאַ-כאַ-כאַ און אַ טויך אונטער׳ן וואַסער. אין אַ מינוט אַרום אַ גאַנצע סטאַדע דאַמען, אַ צוואַנציג שטיק, אַלע האָבען זיי אויסגעזעהן גלייך, אַלע מיט גרינע אויגען און לאַנגע נאַסע האָר. אַ זעץ-אויף זיך אין וואַסער ביז׳ן האַלבען לייב — כאַ-כאַ-כאַ! איך גיב אַ געשריי: „שמע ישראל“, דער גוי, להבדיל: „אוי, יעזוס“. און ווי זיי הערען אונזער געשריי — אַ טויך אונטער און וואַסער. דו זעהסט שוין נישט, נאָר דו פֿיהלסט פֿון וואַסער אַזאַ ברומען, אַזאַ ביטער געוויין, אַז דאָס האַרץ ווערט צעשניטען... קוים מיט צרות זיך צום ברעג צוגעשיפֿט. דאָס לעבען איז טייערער ווי אַליץ.

די נאַכט איז געלעגען שוואַרץ-טיף פֿערזונקען אין די גרעזער, טיף פֿערזונקען אין וואַסער. פֿון דערווייטענס האָט זיך געהערט, ווי די פֿישערס קלאַפּען לייכט מיט זייערע רודערס איבער דעם אויבערפֿלאַך פֿון וואַסער, און יעדע מינוט גיט עס אין וואַסער אַ צוג. פֿאַלט אַ שטערן איבער דער טונקעלער נאַכט אין וואַסער אַריין, און עס דוכט זיך, אַז אָט באַלד וועלען אַרויסטויכען פֿון טייך די וואַסער-פֿרויען, וועגען וועלכע לייזער פֿישער דערצעהלט.

— און וואָס איז געוואָרען דער סוף? — פֿרעגען די יונגע פֿישערס מיט אומגעדולד.

— דערווייל ווערען פֿיש טייערער אין די אַרומיגע מקומות. אַ קלייניגקייט, לענסק גיט קיין פֿיש נישט! די פֿיש שווימען דיר איבער דעם ברעג — נו, געה כאַפּ זיי! אַפֿילו ווען דו וועסט זיי כאַפּען, ווילען אויך די ווייבער קיין לענסקער פֿיש נישט קויפֿען. איך לויף צום שררה: „געוואַלד, פּאַניע לעבען! אַן אָרימאַן אַ איד, דריי הונדערט גילדען!“ דער שררה, אַ רשע, זאָגט: „וואָס זאָל איך דיר טון? פֿאָהר צו דיין ראַביען, זאָל ער דיר העלפֿען“. איך גיב מיר אַ טראַכט: אין אַ גוטער שעה, אפֿשר האָסטו רעכט. וואו איז טאַקע געווען מיין שכל ביז איצט? — איך פֿאָהר קיין גאָ=

סטינין, רייס מיך אַריין צום רבי'ן — אַ פּראָסטער איז ער דאָך געווען און אַ צוגעלאָזענער; ווער עס האָט געוואָלט — קום אַריין און זאָג: רבי, אַזוי און אַזוי! און איך וויל שוין גאָרנישט פאַר מיר, אפשר בין איך נישט ווערט, נאָר פאַר'ן כלל — אָרימע לייט קאָנען, נעביך, קיין פיש נישט קויפען אויף שבת. אין די אַלע מקומות זענען פיש טייער געוואָרען. דער רבי רופט אַריין דעם שמש, און דער שמש זאָגט אויך דאָסזעלבע: „אַ גילדען אַ פונט פיש. אַ האַלבע שטאָדט שוין די דריטע וואָך אָהן פיש. און נישט בלויז ביי אונז". דער רבי דרעהט זיך אַרויף און אַראָב איבער דער שטוב. מיט אַמאָל מאַכט ער צו מיר: — „האָסט שוין דעם חודש מהדש לבנה געווען?" — „ניין", — זאָג איך, — „האָסט דאָ דעם וואָגען?" — „יאָ", — זאָג איך. — „מיר פאָהרען היינט אויף דער נאַכט צום טייך. נאָר געדענק, זאָלסט קיינעם נישט זאָגען דערפון, עס איז אַ גרויסער סוד, און וואָס דו וועסט זעהן, זאָלסטו שווייגען, זאָל גאָט אָבהיטען".

פאַרנאַכט האָב איך אַיינגעשפּאַנט מיין וואָגען און געוואַרט הינטער דער שטאָדט, ווי עס איז געווען אָבגערעדט מיט'ן שמש. איך גיב אַ קוק — דער רבי מיט'ן שמש געהען אין פּראָסטע קליידער, כדי מען זאָל זיי נישט דערקענען. פלינק אַרויף אויף דער פודער, און מיר פאָהרען. דער טייך איז נישט ווייט, אַ וויאָרסט צעהן. און אַ נאַכט איז דענסטמאָל געווען — אַ מחיה. די לבנה איז ערשט אַרויס אויפ'ן הימעל, זומער=לעב. גיך זענען מיר אָנגעקומען צום לענסקער וועלדעל ביים טייך. דער רבי איז אַראָב פון וואָגען, אַריין אַ ביסעל טיפער אין וואַלד אַריין, געשטעלט זיך אונטער אַ בוים און מעריב געדאַוונט. געקרעכצט, נעביך, אוי, געקרעכצט! איך מיט'ן שמש — הינטער איהם. נאָך מעריב זאָגט ער צו מיר: — בלייב דו ביים וואָגען, און איך וועל מחדש זיין די לבנה.

וואַרט איך און זעה, ווי אָט הויבען זיך שוין אָן די פרויען צו בעווייזען. דאָס האַרץ קלאַפּט מיר. דער רבי קוקט נישט אויף זיי, נאָר נעמט אַרויס דאָס סדור'ל און הויבט אָן מחדש צו זיין די לבנה. איך קוק הינטער מיר — די פרויען האָבען זיך אַלע אויסגעזעצט אין וואַסער און האָרכען זיך איין, ווערען נישט פערשוואונדען. פלוצים, ווי דער רבי זאָגט אַזוי צו אונז „שלום

עליכם", און מיר ענטפערן איהם „עליכם שלום", — גיט ער זיך אַ דרעה אוים צו די פרויען און זאָגט צו זיי: „שלום עליכם!" ווי זיי האָבען נור דערהערט דאָס וואָרט, איז, ווי דו וואָלסט זיי פון וואַסער אָבגעווישט — אונטערגעטונקט און ניטאָ מעהר.

נאָך דעם מחדש זיין די לבנה האָט זיך דער רבי געשטעלט ביים ברעג און גערעדט אין וואַסער אַריין: „איך בין גוזר אויף אייך, איהר זאָלט מעהר דאָ נישט אַהער קומען, אייערע נשמות טובל זיין; יודען דאַרפען פיש אויף שבת".

און פון דענסטמאָל אָן — שאַ! מען הערט נישט און מען זעהט נישט, ווי מען וואָלט דאָס וואַסער מיט אַ האַנטוך אָבגעווישט.

דער שמש האָט אָבער דאָך דערנאָך דערצעהלט. עס זענען געווען די מתים פון דעם דערבייאיגען בית=עולם, וואָס ליגט אויפ'ן באַרג... זענען זיי אַהער געקומען, אין טייך טובל צו זיין זייערע נשמות, איידער זיי זענען אין הימעל אַרויף צום בית=דין של מעלה. אַ חבֿרה זינדיגע נשמות געווען, וואָס מען האָט נישט געלאָזט אין הימעל אַריין, און מיט דעם, וואָס דער רבי האָט זיי געזאָגט „שלום עליכם", — האָט ער זיי אַרויפגעבראַכט אין הימעל אַריין.

— אַזאַ יוד איז געווען דער אַלטער גאָסטינינער, — ווענדט זיך דער אַלטער פישער צו די יונגע, — דאָס, וואָס איהר כאַפּט איצט פיש אין טייך, האָט אַלץ דער רבי געמאַכט; אַז נישט, וואָלט פון טייך אַ זומפּ געוואָרען.

דער יוד האָט געענדיגט זיין ערצעהלונג. עס זענען נאָך געזעסען די פישערס פערטראַכט און געקוקט טיף אין טונקעלן וואַסער אַריין און צוגעהערט זיך צום קלאַפּען פון די שיפלעך אין די וועלען פון וואַסער פון דערווייטענס. עס האָט זיך געדאַכט צו פערנעמען דעם רבי'נס „שלום עליכם", וואָס האָט געשוועבט איבער'ן וואַסער. באַלד זענען די שיפלעך צוגעשוואומען צום ברעג און געשלעפּט אַ שווער אָנגעפילטע נעץ מיט אַ גוט געווינס; די יונגען האָבען זיך אָנגעהויבען צו רודערן, אויפגעשטעלט די טונען מיט וואַסער, אָנגעצונדען די שטורקאַצען, און ביי דעם ליכט האָבען ברוך לענסקער'ס זיהן אָנגעהויבען אַרויסצו=וואַרפען

פֿון די שיפֿלעך אויפֿ׳ן ברעג גרויסע העכט, לעשטשעס, קאַרפּען, וואָס זייערע נאַסע טונקעלע שופּען האָבן געבלישטשעט אין פלאַם פון די שטורקאַצען. די יונגען האָבן די גרויסע פעטע פיש אַריינגעלאָזט אין די גרויסע טונען וואַסער, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די פיש, וועלכע קומען אַרויס פון דער טיפֿעניש פון טייך, זענען דאָס די פערוואַנדעלטע פֿרויען, וואָס זענען אויף שטענדיג אין וואַסער פֿערטריבען געוואָרען און זענען מגולגל געוואָרען אין די טונקעלע לעבעדיגע פֿיש...

אַז רב שלמה איז דערנאָך אַריין צום פישער נעכטיגען, האָט ער נאָך געטראָפען די מויד זיצענדיג אין קיך און וואַרטענדיג... איהר קאָפּ האָט זי געהאַט געוואַשען, די שוואַרצע צעפּ פערפלאָכטען אין רויטע בענדלעך און האָט זיי פֿערבונדען אַרום איהר קאָפּ. זי האָט געהאַלטען אַ שפּיגעלע אין האַנד און זיך בעטראַכט דערינען...

אַ מינוט האָט זיך רב שלמה אָבגעשטעלט, בלייך געוואָרען, געקוקט אויף איהר. די מויד האָט איהם ווידער געשיקט איהרע בליקען פון איהרע גלענצענדע אויגען און טיף אַריינגעדרונגען אין זיינע אויגען, ווי זי וואָלט געוואָלט דורך איהר בליק איהר גאַנצע זעהנזוכט און וואונש פון איהר וואַרים בלוט אויסדריקען. איהר פולע ברוסט האָט הויך געקלאַפּט און זיך געהויבען און געשלאָגען פון איהר לייכטען ווייסען קאָפּטעל. זי איז געזעסען אויף איין אָרט און הינטיש בעטענדיג געקוקט אויף איהם... דער יוד האָט געפיהלט איהר וואַרימען בליק, און אַ ציטער איז איהם אַדורך דורך דעם לייב. ער איז פלינק אַריין אין זיין קאַמער, זיך פערמאַכט און הויך, פרום און מיט׳ן גאַנצען האַרץ קריאת־שמע געלייענט.

צו מאָרגענס בעגינען, ווען רב שלמה איז געזעסען אויף זיין וואָגען, און די פּאָר שטאַרקע פערד האָבען איהם געטראָגען איבער דעם פייכטען וועג, וואו אַרום און זענען געשטאַנען די פאַרטיג געוואַקסענע תבואות אויף די פעלדער, די פֿרוכטען אין די פעדער, אַלץ בעהויכט און דורכגעטונקען מיט דער פייכטקייט פון מאָרגען, — האָט אַ גרויסע פֿרייד און אַ גרויסער

שטאָלץ אָנגעפילט זיין האַרץ איבער דעם, וואָס דער רבונו של עולם איז איהם ביינעשטאַנען, און ער האָט גובר געווען זיין יצר־הרע... און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די אַלטע פעל־דער און פעדער וואַקסען דאָס פאַר איהם, פאַר איהם ווערען זיי רייף — אַז ער זאָל זייערע תבואות קויפען. און מיט דעם גרויסען בטחון אין רבונו של עולם איז ער זיין וועג געפאָהרען — גרויסע געשעפטען מיט דעם גרויסען לוצקער שררה צו מאַכען.

# זעקסטער קאַפּיטעל.

## די מלחמה צווישען די געטער.

עס זענען אָנגעקומען שווערע צייטען אויף יודען. דער גוי, דער „קאָניקראַד", וואָס מען האָט געשלאָגען אויפ'ן מאַרק, איז פון די קלעפּ געשטאָרבען. דער יוד, אַייזיקל גנב, איז אַ געזונטער אַרויסגעקומען. האָבען די גויים געזאָגט, אַז „זייערן" האָבען די יודען לעבען געלאָזט און „אונזערן" האָבען זיי גע'הרג'עט. אַ לויה האָט מען געמאַכט דעם גנב, גלייך ווי נישט אַ קאָניקראַד וואָלט געשטאָרבען, נור אַ הייליגער. די קירך האָט אַ גאַנצען טאָג געקלונגען, און דער קלאַנג האָט אויף יודען אַ שרעק אָנגעוואָרפען. זיי האָבען פערפיהרט אַ פּראָצעס, אַ „שרייבער" האָבען זיי זיך פון דער גרויסער שטאָדט געלאָזט ברענגען, אַז ער זאָל זיין זייער מליץ יושר, און אַרויפגעלעגט דאָס גאַנצע פּעקעל אויף יודען. געהערט האָט מען שוין, אַז מען האָט אַ פּאָר יודען, שניידער, די ריכטיגע אָנפיהרער פון געשלעג, אין וואַך אַריינגעזעצט און רב שלמה'ן האָט מען גערופען אין „ראָטהויז" אויפ'ן פערהער. געוואָלט האָט מען איהם פערהאַלטען, איז אָבער געוואָרען אַ געוויין אין שטאָדט, האָט מען אַיינגעלעגט אַ הויז אין ערבות און איהם אַרויסגעלאָזט. איז די שרעק בעפאַלען אַלעמען פון קליין ביז גרויס, און מען איז געלאָפען קיין גאָסטינין, צום רבי'ן.

די גאָסטינינער ערד איז געווען פרומע ערד. פון יאָהרען־לאַנג איז דאָרט געשטאַנען די אַלטע גאָסטינינער שול, וועגען וועלכער מען דערצעהלט זיך אָן ביי יודען וואונדער־מעשיות, וואָס אין איהר איז געשעהן. וויפיעל תפילות, וויפיעל יודישע טרערען האָבען איהרע אַלטע הונדערט־יעהריגע ווענט שוין אין זיך איינגעזאַפט: קליין איז די שול פון דרויסען, כדי זי זאָל זיך ניט וואַרפען די גויים אין די אויגען. און זינט יודען זענען אין גלות, מוז די יודישע שול זיין נידעריגער פאַר זייער קירך... נאָר דער

נר תמיד, וואָס מען האָט אין איהר אָנגעצונדען פאַר הונדערטער יאָהרען, ברענט נאָך דאָרט ביז אויפ'ן היינטיגען טאָג. און אַ חזקה איז עס, אַז אין שול זאָל תמיד כאָטש איין יוד זיצען, בײ־טאָג און בײ־נאַכט, און זאָל דאָרט תורה לערנען; און דער קול התורה, וואָס האָט זיך געלאָזט הערען אין איהר אין דעם ערשטען טאָג, וואָס מען האָט די שול אויפגעעפענט, איז נאָך נישט פער־שוויגען געוואָרען ביז'ן היינטיגען טאָג. יודען גלויבען, אַז ווען, חלילה, דער קול התורה אָדער דער נר תמיד וועט אין דער שול אויף איין מינוט איבערגעריסען ווערען, געהט די וועלט, חלילה, אונטער...

וואָרום די גאַנצע וועלט בעשטעהט נאָר אויף דער תורה, וואָס ווערט געלערנט אין דער שול... מתמידים זיצען דאָרט און לערנען יומם ולילה. אַרום דער שול געפינען זיך די גרויסע ישיבות, בעקאַנט אין פוילען. ליעב האָבען די גאָסטינינער בעלי־בתים די בית־מדרש־בחורים און בעזאָרגען זיי מיט טעג — אַ חזקה שוין פון יאָהרען, — ציהט אָן די יוגענד פון די מקומות אַרום אין די גרויסע גאָסטינינער ישיבות תורה צו לערנען. די ראשי־ישיבות מיט די משגיחים מיט די קאַפּלען אויף די קעפּ דרעהען זיך אַרויף און אַראָב אין די ישיבות, און דעם קול התורה פון יונגלעך און בחורים הערט מען פון גאָסטינין אויף וויאָרסטען ווייט. היימיש זענען די בחורים בײ די שטאָדט־בעלי־בתים. די טאַטעס גי־בען זיי עסען, און די טעכטער וואַשען פאַר זיי וועש... און האָט אַ יוד אין די מקומות אַרום אַ טאָכטער אויסצוגעבען, שפּאַנט ער דעם וואָגען איין און פאָהרט קיין גאָסטינין, קומט אין דער ישיבה צום רבי'ן אַריין: „רבי, גיט מיר אַ חתן פאַר מיין טאָכטער". פיהרט דער רבי אַ בחור אַרויס פון דער ישיבה: „נאַ, דאָ האָסטו אַ חתן פאַר דיין טאָכטער". נעמט זיך דער יוד זיין איידעם אַהיים: „דאָ האָסטו דיר דיין ברויט, דיין קלייד, דיין ווייב מיט דיין שטוב, און זיץ מיר און לערן".

אין יעדער יודישער שטוב איז דאָ אַן איידעם אַ לערן־קינד, וואָס זיצט אַ גאַנצען טאָג איבער די גרויסע גמרות. עס אַר־בייט דער שווער, די שוויגער, די זיהן, די טעכטער; די ווייבער פאָהרען אויף די יאָהר־מערק און שלאָגען זיך מיט די גויים,

און אין דער=היים זיצט דער איידעם און לערנט. מען קאָכט פֿאַר איהם יאַיכלעך, און מען האָט דרך=ארץ פֿאַר איהם. און פֿאָהרט דער שווער אין די גרויסע שטאָדט אַריין, ברענגט ער מיט אין אַן עק פֿון זיין וואָגען די ספרים פֿון יאָהר=מאַרק פֿאַר זיין איידעם. אין יעדער יודישער שטוב איז דאָ אַ שאַנק מיט ספרים, ש״ס, רמב״ם, שאלות תשובות, ראשונים און אַחרונים... אַזוי ווערט די תורה פֿערשפּרייט פֿון גאָסטינין איבער דער גאַנצער סביבה אַרום...

און אַזוי ווי ביי יודען, אַזוי איז, להבדיל, אויך ביי גויים. אויף דער גאָסטינינער ערד שטעהט די בעריהמטע דאָמבראָווער קירך, וואָס איהרע הייליגע בילדער טוען וואונדער, און די גויים פֿון דער גאַנצער מאַזאָוויצער ערד זענען עולה=רגל אַהין און שלאָגען דעם שטערן אָן איהר הייליגער שוועל. פֿרום איז דער גוי פֿון דער גאָסטינינער ערד, און נישט צו איינעם ווייזען זיך הייליגע געשטאַלטען אין די נעכט פֿון מאַי=געבעט, ווען דער גוי זיצט אויס די גאַנצע נאַכט ביי די צלמים. דערפֿאַר, אַז עס קומט אָן אַן עת צרה אויף יודען, אָדער אויף גויים — איילען די ביידע פֿעלקער פֿון לאַנד פּוילין קיין גאָסטינין.

פֿערשטאַנען האָט דער בּיסקופּ פֿון דער דאָמבראָווער קירך, אַז יודען וועלען פֿאַר׳ן פּראָצעס קומען צום רבי׳ן — האָט ער אויסגערופֿען אַן „אָטפּוסט״ צום דאָמבראָווער הייליגען בילד, וואָס איז הינטער גאָסטינין, און, אויף להכעיס, אויף דעמזעלבען שבת, וואָס יודען קומען צום רבי׳ן.

בעלעבאָט איז היינט, פֿרייטאָג, דער וועג קיין גאָסטינין. עס פֿאָהרען יודען צום רבי׳ן, די אָרימערע געהען צו=פֿוס. עס געהען די גויים צום „אָטפּוסט״ אין דער קירך אַריין, וואָס דער גלח האָט אויסגערופֿען דוקא אויף דעם הייליגען שבת, כדי צו שטערען דאָס געבעט, אַז די תפילות זאָלען אויפ׳ן וועג צום שער=הרחמים פֿערבלאָנדזשעט ווערען אין שטנ׳ס האַנד... נאָר מיר האָבען אַ גרויסען חזוק — דעם גאָסטינינער רבי׳ן... „אַז איהר צו אַייערס — געהען מיר צו אונזערס״ — טראַכט זיך ניט איין יוד, דערזעהענדיג די גויים. און נישט איין יודען פֿיהרט טאַקע דער שטן אַליין, דער גוי אויף זיין אייגענער פֿוהר. אויפֿגענומען אויף זיין וואָגען

דעם יוד, אַז ער זאָל איהם שטערען אין זיין דאַווגען... און נישט איין יוד האָט אויך די נאַרישקייט געטאָן — אויפגענומען אויף זיין פּודער אַ גוי'ע, צו פיהרען זי אויפ'ן „אַטפּוסט" אין דער קירך אַריין.

די שטאָדט איז שוין פול. די גויים אין די נייע זונטאָגדיגע רעק, וואָס יודען האָבען דורך די לאַנגע ווינטער=נעכט אויפגענייהט. אויסגעפּוצט האָבען זיך די פויערטעס פאַר זייער גאָט אין דעם שענסטען און דעם בעסטען, וואָס זיי האָבען נאָר אין זייער קאַסטען בעהאַלטען געהאַט. עס וואַרפען זיך די רויט=קאָלירטע טיכער איבער די רוקענס, און עס פאַרבען זיך די רייך=געפאַרבטע בענדער, אַז דאָס גאַנצע שטעדטיל איז פול פון די קאָלירען, און וואו מען קוקט, רייסט עס אויף — מיט קרעלען=בעפּוצטע קעפּ פון די פויערטעס, פון דער ווייסקייט פון פויערשע מאַנטלען מיט די רויטע הויזען... און די קירכען=גלאָק קלינגט, קלינגט פון פריה=מאָרגען אָן, און יעדער קלאַנג גיט אַ ריס אין יודישען האַרץ...

נור יודען האָבען אויך נישט געשוויגען. עס לויפען אָן פוהרען מיט יודען איבער אַלע וועגען, שאָסייען אין שטעדטיל אַריין. פלינק געכאַפּט אַן אַכסניה, מען וואַוינט מנינים'וויז אין איין שטוב. און געלאָפען אין מקוה אַריין זיך טובל זיין און אַרויף צום רבי'ן „שלום=עליכם" אָפּגעבען. עס זיצט דער רבי אין זיין ווייסען כאַלאַט אין „שלום=שטיבעל", האַלט די האַנד אויסגעשטרעקט צום עולם. אַ תפילה ליגט אויסגעגאָסען איבער זיינע געשלאָסענע אויגען אין אָפענע ליפּען. ער ווייס, דער רבי, יעדען יודענס צרות: טרויעריג זענען יודען און האָבען מורא. דער רבי זעהט די טרויעריגקייט און די אימה, וואָס קוקט אַרויס פון יודישע אויגען, ווען זיי געבען איהם אָפּ „שלום=עליכם". אַ יום=הדין שטעהט פאָר, אַ יום=הדין פאַר גאָט און אַ יום=הדין פאַר בשר ודם. גאָט איז אַן אל רחום וחנון, אָבער דער בשר ודם... מיר זענען אין גלות, אין גוי'אישע הענד. און דער רבי קרעכצט — טיפע יודישע קרעכצען אויף יודישע צרות.

נור קוים רוקט דער שבת צו, געהט אַוועק דער יודישער טרויער מיט די יודישע צרות. מען לאָזט די רשעים אַרויס פון גיהנום,

און מיט דער נשמה יתירה קומט דער בטחון און די אמונה אין דעם רבונו של עולם. פול אנגעשטאָפּט מיט יודען איז דעם רבי'נס בית־המדרש, פערנומען דער הויף ביז אין דעם געסיל אריין. אין פון אינעווייניג שימערן אַרוים די ליכט, דעם רבי'נס ווייסער אַט־לעסענער כאַלאַט און יואל חזנ'ס זיסע שטים. „רב לך שבת בעמק הבכא", „קומי צאי מתוך ההפכה" — האָט אין גאַס אַרום גע־קלונגען. יודען האָבען אונטערגעכאַפּט דאָס געזאַנג און האָבען געגליוכט אין די ווערטער און דערנאָך, אַז יואל האָט אויסגע־לאָזט „כי בך יחסו עניי עמי"—זענען זיי שוין גאַנץ רוהיג געוואָרען.

כאַלד האָט דער עולם אַ וועג צווישען זיך געמאַכט. עס האָבען זיך געוויזען דעם רבי'נס הויף־מענשען, די אַלטע רבי'צין מיט די שניהר און טעכטער, די גרויסע פערל זענען אַראָפּגע־האַנגען פון זיי, ווי כשר'ע שבת־טראָפּען... און אַז דער רבי האָט דעם כוס גענומען אין האַנד אַריין און קידוש געמאַכט, איז די קדושה אַראָפּגעקומען איבער דער וועלט, האָט זיך אַלץ בערו־היגט און אַלץ האָט זיך געהייליגט, און יודען האָבען זיך ווידער דערמאָנט, ווער זיי זענען, ווער עס איז זייער גאָט, און אַ רוהיג־קייט איז געקומען איבער זיי אין דער גרויסער שבת'דיגער היי־ליגקייט...

———

צו מאָרגענס אין דער פריה, פון בעגינען אָן, האָט זיך געהערט פון דער קירך אַ מורא'דיג קלינגען, אַ געזאַנג און אַ ברומען איבערן שטאָדט, וואָס האָט יודען בעאומרוהיגט. עס איז געווען דאָס אַרויסגעהן איבער דער שטאָדט מיט זייערע פּאָנעס און בילדער, מיט זייערע גלחים און גלחימ'לעך אין ווייסען אָנגע־טאָן. זיי האָבען געהאַלטען די געבעט־ביכער אין דער האַנד און אַלע האָבען געזונגען און צוגעקלימפּערט מיט גלעקלעך און אַרום־געריננעלט דריי מאָל זייער קירך. די גאַס איז פול געווען מיט זייער געזאַנג און געשריי, און די קולות האָבען זיך אַריינגע־ריסען אין רבי'נס בית־המדרש אַריין. מען איז פּונקט געשטאַ־נען שמונה עשרה. יודען האָבען געהערט דאָס געזאַנג — דאָס דאַוו־נען די גויים צו זייערן. און פּונקט, ווען מיר שטעהען שמונה־עשרה, וויל דער שטן שטערען אונזערע תפילות... זענען זיי גע־

ווארען צעשראקען און ניט געקאנט מכוון זיין די נויטיגע כוונות. דאס קירכען-געקלאנג האט אריינגעדרונגען אין שול אריין, מבולבל געמאכט די מחות, און דאס דאוונען איז ארויס א טרויעריגס, א צעריסענס. „דער שטן האט, חלילה, מנצח געווען"! — איז א גרויסע שרעק די יודען בעפאלען.

הערפאר אבער האבען מיר געהאט א דוד המלך, און ביי דוד המלך אויף דער וואנט איז א פידעלע געהאנגען. האט דוד המלך אויסגעשפיעלט אויף זיין פידעלע די קאפיטלעך תהלים. איז נישט דא קיין איין צרה, וואס דוד המלך האט נישט פריהער איינגעזעהן, אז עס וועט אויף זיין פאלק קומען, און דערויף א קאפיטעל תהלים פערפאסט. וואס ד' ווילסט בעטען צו גאט, וואס נאר דיין הארץ בעגעהרט — געפינסטו שוין אין תהלים.

דערפאר איז דער גאסטינינער רבי אזא גרויסער אנהענגער פון דוד המלכ'ס תהלים. באלד נאכ'ן מיטאג, יודען האבען זיך נאר אויפגעהויבען פון די טישען, האבען זיי זיך געאיילט אין רבי'נס בית-המדרש אריין. זעקס גרויסע ליכט האבען פאר'ן עמוד גע-ברענט, זעקס יאהרצייטען געווען. דער רבי אליין איז געשטאנען פאר'ן עמוד, און פול איז דער בית-המדרש, אנגעשטאפט מיט יודען און יודישע קינדער, אלע בית-המדרש-בחורים און תלמוד-תורה-קינדער, און אפילו די ווייבער-שול איז פול. און דער רבי זאגט תהלים פאר'ן עמוד — דער רבי א פסוק, און דער עולם א פסוק. דער רבי און די עדה יודען דערצעהלען דעם רבונו של עולם, וואס פאר א צרות עס שטעהען פאר. און עס דוכט זיך, אז דער רבונו של עולם זיצט דא און הערט אויס אלץ, וואס יודען דערצעהלען.

פרעגט דער רבי: „אשא עיני אל ההרים, מאין יבוא עזרי?" ענטפערן איהם יודען אב: „עזרי מעם ד' עושה שמים וארץ". זאגט דער רבי: „וגם כי אלך בגיא צלמות, לא אירא רע, כי אתה עמדי" — ווערט א גרויס געוויין אין בית-המדרש, און יודען שרייען נאך דעם רבי'ן און זאגען מיט: „וגם כי אלך בגיא צלמות"— ווארום א גרויסע שרעק האט אנגענומען יודען פאר דעם יום-הדין, וואס שטעהט זיי באר.

———

נאָר רבֿ שלמה האָט אויך נישט געשוויגען און געגרייט זיך צו דער מלחמה. קודם כּל איז ער אַריבערגעפאָהרען איבער די הויפען, צו די שׂררות, וועלכע האָבען געזאָלט זיין די שופטים, — רחמים געבעטען, מתּנות געטיילט און אַיינגעשטעלט זיך, דערצעהלט, ווי די מעשׂה איז געווען, און געבעטען, אַז מען זאָל רחמנות האָבען, נישט אונטערברענגען אַ וועלט מיט יודען. נאָר קיין הבטחות האָט ער פון זיי ניט געקראָגען. מען איז געווען פערביטערט אויף יודען. רבֿ שלמה האָט פאַר זיך נישט מורא געהאַט. ער האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז דאָ קאָן העלפען נאָר דער רבונו של עולם, און אַזוי ווי דער בורא עולם וועט וועלען, אַזוי וועט זיין. ביז איצט האָט איהם טאַקע גאָט געפיהרט אין זיין וועג, איהם בייגעשטאַנען און איהם אַרויסגענומען פון אַלעם שלעכטען. פאַרוואָס, ווייסט ער נישט. אפשר צוליעב זכות אָבות (וואָרום אין זכות עצמו האָט רבֿ שלמה נישט געגלויבט, ער האָט זיך געהאַלטען פאַר נישט זעהר קיין גרויסען צדיק, און עפּיס וואָס שוועבט שוין דאָרט אויף זיין נשמה...). נאָר אפשר האָט זיך שוין דער זכות אָבות אויסגעלאָזט. און דערצו דאַרף אַ יוד תּמיד זיין גרייט, און דערצו איז אויך רבֿ שלמה גרייט געווען. ווי נאָר עס איז איהם עטוואָס געקומען אין וועג, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ביז איצט זענען געווען די זיבעצעהן יאָהר, און פון איצט אָן הויבען זיך שוין אָן די זיבען מאָגערע יאָהר... און ער איז שטענדיג געווען גרייט אָנצונעמען גאָטס רצון, נעמען דעם שטעקען אין האַנד און צו געהן און אָנצוהויבען אויפ'ס ניי, ווי ער האָט אָנגעהויבען, ווען ער איז געווען אַ יונגער־מאַן. און וואָלט נעבע געלעבט, וואָלט עס איהם גאָרנישט אַזוי שרעקליך געווען. זי איז געווען מיט איהם איין דעה, זיי האָבען ביידע אָנגעהויבען פון אָרימקייט, ביידע האָט דער רבונו של עולם אויפגעהויבען אין דער־הויך — וואָלט זי פערשטאַנען, אַז נישט שטענדיג מוז גאָט העלפען, און וואָלטען ביידע צוזאַמען ווידער אינאיינעם אַראָבגענידערט... אָבער חנה'לע איז אַריינגעקומען אין רייכקייט, און אַ יונג מיידעל איז עס געווען, און חתונה האָט זי געהאַט מיט אַן אַלמן מיט קינדער, און איצט פיהרט זי שוין אַזאַ הויז, און איז שוין אין די הויכע

חדשים... פֿאַר איהר און פֿאַר איהרע קינדער האָט ער זיך געפֿיהלט ווי אַ מחויב, אַז עס מוז איהם שטענדיג גוט געהן — רייך זיין און גיטער האָבען און אַ גרויס הויז פֿיהרען. וואָרום אַז נישט, מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט ער דען גענומען אַ יונג מיידעל — ער, דער אַלמן, אַ פֿאָטער פֿון אַזוי פֿיעל קינדער?

איצט ערשט האָט ער איינגעזעהן זיין פֿעהלער, וואָס ער איז נאָכגעגאַנגען זיין האַרץ און גענומען אויף זיך אַזאַ התחיבות, וואָס ליגט נישט אין זיין האַנד צו בעצאָהלען, נאָר אין גאָטס האַנד. און וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט ער געהאַט אויף דעם רבונו של עולם „וועקסלען אויסצושטעלען“? צי איז דען גאָט מחויב איהם צו העלפֿען.

אָט די געדאַנקען האָבען רב שלמה׳ן געדריקט גאַנצע טעג און איהם נישט געלאָזט שלאָפֿען ביי־נאַכט. און פֿאַר וועמען דאָס האַרץ אויסצורעדען האָט ער נים געהאַט. די קינדער? די עלטערע טאָכטער? געוואוכט האָט ער, אַז אַ טאָכטערס אַ האַרץ העגנט שטענדיג אָן דער מוטער, וועט זי זיך נאָר פֿרעהען. און וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט ער עס צו רעדען אויס׳ן ווייבעל? אין חנה׳לעס אויגען, זעהט ער, ליגט עפּיס אַ בקשה צו איהם שוין זינט איינינע טעג. אפשר וואָלט גוט געווען מיט׳ן ווייבעל אַליין איבערצורעדען? איז זי אָבער אין די היינטע חדשים, שוין פֿערטאָן מיט איהר אייגען גליק. און געטראַכט האָט ער פֿון נעכען, האָט ער פֿער־מידען מיט איהר צו ריידען.

נאָר לאַנג, שוין לאַנג האָט חנה׳לע געוואַרט אויף דער מינוט. פֿון יענעם פֿרייטאָג־צו־נאַכט, ווען זי האָט איהם ליעב געקראָגען, האָט זי אָנגעהערט צו איהם, געזוכט אַ געלעגענהייט, אַז זי זאָל זיך איהם אַוועקגעבען אינגאַנצען, און געפֿרעהט זיך אין האַרץ אויף דעם נסיון, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט, אַז זיי זאָלען איהם ביידע קאָנען בייששטעהן.

און אַמאָל אויף דער־נאַכט, ווען זיי זענען אַליין געבליבען, האָט זי רב שלמה געטראָפֿען וויינענדיג. ווען זי האָט זיך אויס־געווישט איהרע שענע שוואַרצע אויגען מיט איהר געהאָפֿטען טי־כעל, פֿרעגט ער זי:

— וואָס וויינסטו, חנה׳לע? — האָט דיר ווער שלעכטס גע־

טאָן? פעהלט דיר עטוואָס? — ענטפערט זי איהם:

—קיינער האָט מיר קיין שלעכטס ניט געטאָן, נאָר דו, שלמה, דו מיינסט, אַז איך פערשטעה נישט, וואָס דו קלערסט, אַז איך פיהל נישט דיין האַרץ, שלמה?

— איך קלער, חלילה, ניט קיין שלעכטס אויף דיר, הנה׳לע,— זאָגט רב שלמה.

— אָ, יאָ, שלמה, דו קלערסט וועגען מיר זעהר פיעל שלעכטס. הלואי זאָל דיר דער רבונו של עולם מוחל זיין מיין צער. וואָס, בין איך נישט דיין ווייב? וואָס טויג מיר דיינע הייזער מיט דיינע פעלדער, ווען דיין האַרץ איז ניט מיט מיר? דאָס האָב איך געבעטען דעם רבונו של עולם טאָג און נאַכט, אַז ער זאָל אונז אַ נסיון צושיקען, אַז איך זאָל גאָרנישט האָבען, גאָרנישט האָבען, נאָר דיך, שלמה.

— ווייסטו, וואָס עס שטעהט אונז פאָר, חנה׳לע?

— וואָס קאָן איך פערשטעהן, ווען דיין האַרץ איז נישט מיט מיר? וואָס קאָן מיר נאָך ערגערס געשעהן, שלמה?

— חנה׳לע, איך האָב נישט אַזוי געמיינט.

— יאָ, שלמה, איך ווייס דיינע געדאַנקען. אַז מען איז אַ יודיש ווייבעל, פיהלט מען די געדאַנקען פון מאַן. איך ווייס, אַז דו קלערסט וועגען מיר זעהר נישט גוט. האָב איך דאָס פערדינט? וואָס זאָל איך טון, שלמה, אַז איך זאָל דיין האַרץ געווינען? דיין קינד טראָג איך שוין אונטער מיין האַרץ און דיך האָב איך נאָך נישט.

— ווייסט, חנה׳לע, אַז מיט׳ן רבונו של עולם האָט קיינער קיין קאָנטראַקט נישט געמאַכט? — זאָגט רב שלמה, נעהנטער צוגעהענדיג צו איהר, — און וואָס ווערסטו טון, אַז עס וועט, חלילה, אונז אויסקומען צו ליידען, זעהר צו ליידען; אַז עס וועט איהם געפעלען, אַז פון היינט אָן זאָל אַן אַנדערער טראָגען דעם קאַפּעל פון „שלמה נגיד"? מיר האָבען נישט געמאַכט מיט איהם קיין קאָנטראַקט, און פאַרוואָס קומט דען גראָד אונז דאָס רייכקייט, און נישט קיין אַנדערן?

דאָס ווייבעל האָט איהם נאָר געקוקט אין די אויגען אַריין:

— אַלץ זאָל ער ביי מיר אַוועקנעמען, נאָר מיט איין זאַך

זאָל ער מיך נישט שטראָפען — דיין האַרץ זאָל ער ביי מיר ניט אַוועקנעמען. דו ווייסט נישט די ליידען. וואָס קאָן זיין נאָך ער־גער פון די ווערטער, וואָס דו זאָגסט מיר איצט?

— איך מוז דיר זאָגען, חנה׳לע, דו האָסט אָנגעהויבען רעדען מיט מיר. איך מוז דיר זאָגען. איך בין דיר מחויב. איך האָב דיך גענומען אַ מיידעל, ווען איך בין שוין אַן אַלמן געווען מיט קינדער, ביזט אין עשירות אַריינגעקומען, קאָנסטו מיינען, עס מוז אַזוי זיין. און דאָ ווייסט מען נישט, ווי דאָס רעדעל קאָן זיך געבען אַ דרעה, און נישט דאָס געלד בלויז אַוועקנעמען און אָרימע־לייט צו זיין, נאָר נאָך ערגער. דער רבונו של עולם וועט וועלען אונז שטראָפען מיט ענוי הגוף, פערשיקען אין די ווייטע מקומות, מיט בזיון און בושה. מיר שטעהען פאַר אַ משפט פון בשר ודם, אָהן רחמנות. מילא, איך בין גרייט פאַר־ליעב נעמען אַלץ, וואָס ער וועט מיר שיקען. ער האָט מיר געגעבען גוטע יאָהרען, ער קאָן מיר געבען שלעכטע יאָהרען. אָבער דו ביזט נאָך אַ יונג ווייבעל, דו הויבסט ערשט אָן צו לעבען. ביזט אַריינ־געקומען אין אַ גרויס הויז, קאָנסט מיינען, אַז עס קומט דיר, און נישט פאַר־ליעב נעמען גאָטס שטראָף. איך מוז עס דיר זאָגען.

— צי בין איך דען נישט דיין ווייב? — וויינט דאָס ווייבעל,— פאַרוואָס רעדסט דו צו מיר, ווי איך וואָלט, חלילה, אַ פרעמדע געווען? איז דען נישט דיין גורל מיין גורל? און אפשר איז עס שוין צוליעב מיר, אפשר איז עס שוין מיין מזל. פאַרוואָס רעדסט דו צו מיר אַזעלכע רייד?

— אָבער וועסטו עס פאַר־ליעב נעמען און קיין תרעומות נישט האָבען אויפ׳ן רבונו של עולם, נישט, חלילה, בפה, נאָר אויך במחשבה, אַפילו ניט טראַכטען אַזוי?

— שלמה, וואָס קאָן מיר בעסער זיין, ווי צו טיילען מיט דיר דיין גורל? דאָס איז דאָך געווען מיין געבעט צום רבונו של עולם ביי־טאָג און ביי־נאַכט! און זאָל דער רבונו של עולם אונז שטראָפען, מיט וואָס זיין ליעבען נאָמען וועט געפעלען — ווען דיין האַרץ איז נאָר מיט מיר, קאָן מיר גאָר נישט געשעהן, האָב איך פאַר גאָרנישט קיין מורא, וועל איך פאַר ליעב נעמען, אַפילו, חלילה, אין די הייזער צו געהן.

— אויב אַזוי, האָב איך טאַקע פון דיר שלעכטס געקלערט, זיי מיר מוחל, חנהלע. איך ווייס, אַז דיין האַרץ איז מיט מיר, און דער רבונו של עולם וועט אונז העלפען. — און רב שלמה האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין איין ווינקעל שטוב מיט'ן תהלים אין דער האַנד און האָט געזאָגט זיין קאַפּיטעל תהלים, וואָס ער זאָגט, ווען ער איז אין אַ גרויסער סכנה. און חנהלע האָט זיך אַוועק-געשטעלט אין צווייטען ווינקעל שטוב מיט'ן תהלים אין דער האַנד, נאָר זי האָט נישט געזאָגט פון דעם תהלים, זי האָט געזאָגט איהרע אייגענע ווערטער.

מיט אַזאַ האַרץ איז רב שלמה געפאָהרען צום יום-הדין.

# זיבעטער קאַפּיטעל.

## די מצוה.

מיר האָבען אַ גרויסען גאָט. דריי טעג האָט זיך אָוועקגעצויגען דער משפּט. זייער „שרייבער“ האָט וועלטען איינגעלעגט, געשאָטען אויף יודען פעך און שוועבעל, אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכען קעגען דעם רבונו של עולמ'ס ווילען, קעגען יודענס תהלים זאָגען. די גוי'ע, וואָס מען האָט איהר פערקויפט די קראַנקע קוה, האָט זיך מודה געווען, אַז דאָס האָט איהר דער גוי פערקויפט, און דער אַלטער פויער פון דאָרף, וואָס האָט געמאַכט מיט רב שלמה'ן דעם „סאַמע־סאָנד“ (זעלבסט־געריכט), האָט געזאָגט בפּירוש, בפני קהל ועדה, אַז דאָס האָט ער אַליין מיט רב שלמה'ן געמאַכט דעם „סאַמע־סאָנד“. וואָרום פון פאַרצייטענס אָן פיהרט מען זיך, אַז מען כאַפּט אַ גנב אויפ'ן יריד, געהערט ער צום יריד; און אַ גנב'ס אַ פעל איז ווי אַ הונטס אַ פעל, און ווער עס וויל, מעג שלאָגען. האָבען די „סענדזשעס“ (ריכטער) איינגעזעהן, אַז דער גוי האָט רעכט, האָבען זיי געמאַכט אַ בעראַטונג און אויף דער בעראַטונג האָבען זיי בעשטימט, אַז מען זאָל צעהן גויים מיט צעהן יודען איינזעצען אין „קאָזע“ אויף אַכט טעג, און רב שלמה מיט דעם אַלטען פויער זאָלען בעצאָהלען צו פינף און צוואַנציג רובל קנס דער אַלמנה פון דעם „קאָניקראַד“.

נאָך דעם משפּט האָבען יודען מיט די גויים געמאַכט אַ גרויסע „זגאָדע“. מען איז געגאַנגען אין שענקעל אַריין און איינער איינעם געטרונקען און געפּאַטשט זיך אין די הענד אַריין, און די גויים האָבען געשריען ביים גלעזעל בראַנפען: „גאַש אי וואַש באָג זגאָדשילזשע“ — אַז זייער גאָט מיט אונזער גאָט האָבען דאָס געמאַכט דעם שלום, זענען זיך דורכגעקומען. נאָר די יודען האָבען בשום אופן ניט געוואָלט דערויף בעשטעהן און ניט געוואָלט נאָכגעבען, אַז דאָס האָט אויך זייער גאָט געמאַכט, נאָר

מחמת שלום וועגען האָבען זיי געשוויגען און שלום געשלאָסען מיט די גויים, וואָס מען דאַרף דאָך פון זיי צו לעבען.

דער משפט האָט זיך נאָר געענדיגט, האָט זיך אָנגעטריבען באַלד אַ צווייטער משפט — דער משפט מיט'ן רבונו של עולם. עס האָט זיך גענעבען אַ רוק צו דער „יום כפור". נאָר פאַר דעם יום הדין מיט'ן רבונו של עולם האָבען יודען אַ גרויסען „שרייבער" — דעם גאָסטינינער רבי'ן. זיי פערלאָזען זיך אויף איהם יעדעם יאָהר, און אודאי נאָך דעם יום כפור, ווי ער האָט זיי ערשט אַזאַ נס געוויזען. געזעהן האָבען זיי, אַז דער רבונו של עולם וויל זיי העלפען, אין דעם, וואָס ער האָט זיי פון „גוי'אישע הענד" אַרויסגענומען. געבליבען איז מען איבער יום כפור אין גאָסטינין ביים רבי'ן. דער רבי האָט אַליין געזאָגט „כל נדרי", איז מען דאָך געווען אַ ביסעל רוהיג. נאָר ביי „נעילה" איז אויף יודען אַ גרויסע שרעק בעפאַלען: ווער ווייסט, אפשר איז דער זכות פון רבי'ן היי-יאָהר אויסגעלאָזט געוואָרען ביים דין פון בשר ודם, און דער רבונו של עולם האָט זיי אַרויסגענומען פון מענשענס הענד, כדי ער אַליין זאָל זיי משפט'ן, און דער רבי קאָן זיי גאָר ניט העלפען, נאָר זיי מוזען אַליין זייערע הערצער צעברעכען פאַר'ן רבש"ע. דאָס האָט זיי דער רבי געזאָגט פאַר נעילה, כדי זיי זאָלען זיך ניש[ט] צו פיעל פערלאָזען אויפ'ן רבי'ן, נור זיי זאָלען אַליין תשובה טון.

ביים בעטען צום רבונו של עולם איז ביי נעילה טאַקע געווען אַ גרויס געוויין אין רבינ'ס בית-המדרש. און אַז דער רבי האָט געזאָגט מיט זיין צעבראָכען האַרץ און צעבראָכען שטים „פתח לנו שערי שמים" — איז יודען בעפאַלען אַ גרויס שרעק, און זיי האָבען זעהר גרויס מורא געקראָגען. די שרעק האָט אָנגעהאַלטען ביז צום לעצטען שופר בלאָזען. נאָר אַז דער רבי האָט געזעהן, אַז יודען ווייגען און האָבען מורא, איז ער ווידער בטוח געווען, וואָרום זיין כלל איז דאָך געווען — „דאָרט, וואו עס איז דאָ אמונה, דאָרט איז דאָ גאולה", — האָט ער יודען נאָך נעילה געטרייסט מיט זיין פרעהליכען „גוט-וואָך, יודען", „גוט-יאָהר, אַ גוט-יאָהר", און איז דעם מוצאי יום כפור געווען זעהר אויפגעלעגט און צוגעלאָזט צו יודען. ביי קדוש לבנה, ווען מען איז פון שול אַרויס, האָט זיך דער רבי געווענדט צום עולם מיט אַ פרעהליכען

„שלום־עליכם“, און זיין פּנים האָט געלויכטען. דאָס האָט יודען זעהר דערפֿרעהט, און די סעודה נאָך יום־כּפּור האָט מען געגעסען מיט אַפּעטיט און פֿרייד; שוין געפֿיהלט אַ יום־טובֿ׳דיגע שטימונג. נאָך דער סעודה איז מען אַרונטער צום רבּי׳ן זיך געזעגענען. דער רבּי איז געווען זעהר גוט אויפֿגעלעגט און צוגעלאָזט, איז געזעסען מיט זיין לאַנגער לולקע און גרויסער באָרד אין מיטען שטובּ אויפֿ׳ן פֿאָטער־שטול און געהייסען אַלעמען אַריינלאָזען. דער עולם האָט זיך געשטופּט בּיי דער טיר, אַוועקגעשטופּט די שמשים מיט די גבּאים און אַריין אין שטובּ. דער רבּי האָט געשמייכעלט און זיך מיט אַלעמען געזעגענט און אָנגעוואונשען יודען אַל דאָס גוטס — האָט מען נאָך אויף דעמזעלבען אויף־דער־נאַכט די וועגען געשפּאַנט און מיט דער ליכטיגער לבֿנה איבער די וועגען אין די שטעדטלעך אַהיים געפֿאָהרען, די סוכּה מאַכען. און יודען האָבען אונטערגעכאַפּט זמר׳לעך אויפֿ׳ן וועג און דערצעהלט זיך פֿון דעם רבּינ׳ס מעשׂים, פֿון יאָהר־מערק, פֿון סעדער און פּעלצען — אין דער ליכטיגער לבֿנה אַריין.

אַז רבֿ שלמה איז צומאָרגענס פֿאַר־נאַכט אַהיים געקומען (נאָך אָבגעמאַכט אויפֿ׳ן וועג אייניגע געשעפֿטען), האָט ער שוין געטראָפֿען בּיי זיך אַ פֿולע שטובּ מיט ווייבער. אין דער קיך האָט געבּרענט אַ גרויס פֿייער, און גרויסע טעפּ מיט וואַרים וואַסער האָבען געקאָכט. די ווייבער זענען געגאַנגען אויף די שפּיץ נעגעל און געבּראָכען זיך די הענד. און פֿון דער צווייטער שטובּ האָבען זיך געהערט חנה׳לעס מורא׳דיגע קרעכצען, וואָס יעדער קרעכץ און געשריי איז אַזוי שרעקליך געווען, אַז דאָס האַרץ איז צעריסען געוואָרען. ער איז אַריין צום ווייבעל אַ בּלאַסער און אַ דערשראָקענער, האָט ער זי נעבּיך געטראָפֿען ליגען אין בּעט, און גרויסע טראָפּענס שווייס האָבען אַרויסגעשלאָגען אויף איהר צעהיצט געזיכט. און שען איז זי געווען אין דער היץ, ווי אַ מלכּה. אַז זי האָט דערזעהן רבֿ שלמה׳ן, האָט זי איהם אָנגעכאַפּט בּיי דער האַנד: „שלמה, העלף מיר, איך געה אויס“, און גרויסע טרערען שלאָגען איהר פֿון די שענע אויגען אַרויס. ווערט רבֿ שלמה׳ס האַרץ צעשניטען אויף שטיקלעך פֿון איהרע רייד, זאָגט

ער: „וואָס קאָן איך העלפֿען? דאָ קאָן נאָר איין רבונו של עולם העלפֿען. נאָר שווייג, חנה׳לע. וועסט זעהן, גאָט וועט אונז העלפֿען. ער העלפֿט מיר אין אַלע מיינע וועגען — וועט ער אויך איצט מיך נישט פֿערלאָזען אין מיין גרעסטער אַנגסט און נויט“. אין הויבּט אָן די הענד צו בּרעכֿען: „אוי, טאַטע אין הימעל!“ דערצעהלט מען איהם, אַז דאָס האַלט שוין אָן פֿון נעכֿטען, פֿון נעילה אָן, און מען האָט מורא, אַז דאָ זאָל זיך נישט האָבּען נעכֿע, עליה השלום, זיין געשטאָרבּען ווייבּ, אַריינגעמישט, וועלכֿע האָט געקאָנט, חלילה, ווערען בּעליידיגט... שיקט רבּ שלמה בּאַלד אַ שליח מיוחד אויף אַ פֿערד קיין גאָסטינין צום רבּי׳ן. מען לאָזט דעם בּית=עולם אויסמעסטען און מען שיקט צו נעכֿען אויפֿ׳ן קבֿר בּעטען מחילה אין נאָמען פֿון יונגען ווייבּעל, אַז זי זאָל רחמנות האָבּען אויף אַ יונג לעבּען און מוחל זיין... און עס בּעט די טאָכֿטער אַליין בּיי דער מוטערס קבֿר: „זי איז אַ גוטע מוטער צו די שטיף=קינדער“; — דאָס זאָל איהר בּיישטעהן. און די שטיף=קינדער אַליין זאָגען תּהילים פֿאַר דער שטיף=מאַמע.

זעהט רבּ שלמה דעם ווייבּעלס צער, קאָן ער עס שוין נישט מעהר אויסהאַלטען. געהט ער אַריין צו זיך אין שטוב און שליסט זיך איין און שטעלט זיך אַוועק אין אַ ווינקעל און הויבּט אָן צו וויינען מיט גרויסע טרערען און זאָגט צום רבונו של עולם אַזוי: „טאַטע אין הימעל, שטעה מיר בּיי. אַז איך האָבּ געזינדיגט, לאָז עס אויס צו מיין קאָפּ, אָבּער אויף דעם ווייבּעל האָבּ רחמנות. זי איז דאָך אַן אומשולדיג קינד, אַ צדיקת איז זי דאָך. איך וויים, איך בּין נישט ווערט דיין חסד, און אַליץ, וואָס דו טוסט מיר, איז גענוג. גענוג האָסטו מיר געטאָן. נעם מיר אַליין אַוועק, און ווען עס איז בּעוויליגט בּיי דיר, לאָז מיך אין די הייזער אַרומגעהן, מאַך מיך מבֿיש פֿאַר מענשען, נאָר שטעה מיר בּיי, האָבּ רחמנות אויפֿ׳ן ווייבּעל!“

און פֿון דער צווייטער שטובּ רייסען זיך אַריין די קרעכֿצען און די געשרייען, און יעדער קרעכֿץ איז נעבּיך אַזוי, ווי מען וואָלט אַן אומשולדיג טויבּ געמוטשעט. קאָן עס שוין נישט רבּ שלמה אויסהאַלטען, און אַ גרויסער שטראָם טרערען גיט איהם

אַ גאָס פֿון די אויגען, און ער שרייט אויס: „רבונו של עולם, איך קאָן איהר צער נישט הערען, גיס אויס דיין כּעס אויף מיר, אויף מיין הויז. האָב רחמנות אויף איהר". און ער לויפֿט אַריין צום ווייבעל און ער כאַפּט אָן איהר בלייכע האַנד און וויינט אויף איהר, און וויינט אויף איהר גאַנץ לאַנג, און וויל נישט אַוועק פֿון בעט, און האַלט זי ביים קאָפּ אָן, און קושט איהר אין איהר שעֶנעם שטערן און טרייסט זי און זאָגט איהר מיט גרויסע טרערען: „וויין נישט, חנה׳לע, שריי נישט, דער רבונו של עולם וועט דיר העלפֿען, מיר האָבען אַ גרויסען גאָט! וויין נישט, וויין נישט". און זי ענטפֿערט איהם גאָרנישט, קאָן נישט רעדען. אויגען האָט זי גרויסע, און קוקט אויף איהם, מיט איהרע גרויסע אויגען, און שעֶן איז זי, ווי אַ מלכּה, און איהר יעדער בליק ציהט פֿון איהם דאָס חיות אַרויס.

וועקט מען איהם אויף, און די באָבע זאָגט איהם מזל־טוב, און ווייזט איהם אַ שרייענדיג קינד, אַ בן־זכר. ווייסט ער שוין נישט, וואָס עס טוט זיך מיט איהם: צי זאָל ער טאַנצען אין מיטען דער שטוב פֿאַר פֿרייד, צי זאָל ער וויינען. קוקט ער אויף חנה׳לען — שמייכעלט זי מיט אַזאַ זיס־צער׳דיג שמייכעל, און די שכינה שיינט אויף איהר, און די אויגען זענען פֿול מיט פֿרייד און דאַנק, און שטעקט די הענד און גלעט רב שלמה׳ס קאָפּ. נעמט מען און מען שיקט אַ צווייטען רייטער אָנזאָגען דעם רבּי׳ן, אַז די גאולה איז שוין געקומען. שיקט מען אַ צעהן פֿונט ליכט אין שול אַרונטער און אין בית־המדרש אַריין. בעשטעלט מען פֿאַר די תּלמוד־תּורה־קינדער שטיוועלעך אויפֿ׳ן ווינטער, שיקט מען אַ צעהן קערץ קוילען אין הקדש אַרונטער.

צומאָרגענס אין דער פֿריה, אַז מען האָט זיך בערוהיגט, חנה׳לע איז שוין נית געשלאָפֿען, דאָס קינד ביי איהר, געהט רב שלמה אַריין. ווייזט איהם די באָבע דאָס קינד, זי באָדט עס. אָהן עין־הרע אַ גרויס קינד, אַ שטאַרקס, און האָט דער מוטער גרויס צער אָנגעטאָן, וויל עס איז, אָהן עין־הרע, אַזוי שטאַרק. געהט רב שלמה צו צו חנה׳לען, נעמט ער זי אָן ביי דער האַנד און פֿרעגט זי, וואָס זי מאַכט. קוקט זי איהם אין די אויגען אַריין, און איצט — שוין נישט מיט שעמעוודיגקייט און נישט מיט מורא,

נאָר מיט ליעבע און זיכערקייט. זי איז די מוטער פון זיין קינד און זאָגט צו איהם אַזוי: „איך האָב נאָר מורא געהאַט, שלמה, אַז איך זאָל נישט פערשעמט ווערען". פרעגט ער זי: „פאַרוואָס זאָלסטו נישט פערשעמט ווערען?" ענטפערט זי איהם: „אַז איך זאָל נישט פערשעמט ווערען פאַר גאָט און פאַר לייט, אַז איך בין נישט ווערט צו זיין די מאַמע פון דיין קינד". גלעט ער זי איבער'ן שטערן און זאָגט: „דער רבונו של עולם וועט דיך, חלילה, נישט פערשעמען, וועסט נאָך די זכיה האָבען צו זיין אַ מוטער פון אַ סך קינדער און וועסט נאָך די זכיה האָבען צו הערען זייער קול תורה, און מיר וועלען נאָך דערלעבען מגדל צו זיין זיי לתורה, לחופה ולמעשים טובים".

קוקט זי איהם אין די אויגען אַריין מיט דאַנקבאַרקייט און זאָגט: „אָמן. און ער זאָל דיר העלפען, אַז די פרנסה זאָל דיר אָנקומען גרינג, און מיר זאָלען זיי דערלעבען אויפצוציהען און נחת האָבען פון זיי", — און ער פיהלט, איהרע טרערען פאַלען אויף זיין האַנד: „מיר זאָלען, חלילה, נישט פערשעמט ווערען". ענטפערט ער איהר: „דער רבונו של עולם האָט מיר שטענדיג געהאָלפען. איך וויים נישט, פאַרוואָס ער טוט מיר דעם חסד, וואָס בין איך מעהר ווערט פאַר אַן אַנדער יודען. נאָר איך האָב בטחון אין איהם און דאַנק איהם און לויב איהם פאַר אַלץ, וואָס ער טוט מיט מיר. האָב נישט קיין מורא, חנה'לע, וועסט נישט פערשעמט ווערען, וואָרום דיין שאַנד איז מיין שאַנד". זאָגט זי: „דו ביזט עס ווערט, שלמה, אַז גאָט זאָל דיר העלפען. וואָרום דו האָסט אַ ווייך האַרץ און דו לעבסט נישט פאַר דיר, נאָר פאַר אַנדערע, און איך וועל דיך פאָלגען, שלמה, און וועל מיך אַזוי פיהרען, ווי דו הייסט מיר". זאָגט ער צו איהר: „אַזוי טוסטו גוט, חנה'לע, וואָרום וואָס מעהר דו וועסט אויסגעבען פאַר'ן רבונו של עולם, אַלץ מעהר וועט ער דיר בעצאָהלען. האָב נישט קיין מורא, ער איז אַ גוטער בטוח, און מען קאָן איהם געטרויען".

מאַכט זי אָב ביי זיך אין האַרץ, אַז זי זאָל ליכט שיקען אין בית-המדרש אַריין, אַז זי זאָל אָרימע קינפעטאָרינס בעזאָרגען מיט לייליכער און יאַיכלעך, אַז זי זאָל פאַר די תלמוד-תורה-קינ=

דער אַ מוטער זיין, און אורחים ליעב האָבען, ווי איהר מאַן האָט זיי ליעב.

האָט מען נאָך מורא פֿאַר'ן שטן, און נאָך דערצו ביי אַ בכור, קלאַפּט מען אויס די ווענט מיט קוויטלעך. קומען צו געהן די חדר־יונגלעך יעדען פֿאַר־נאַכט אין דער קינפּעטאָרינס שטוב אַריין און לייענען קריאת־שמע פֿאַר דעם קליינעם קינד, וואָס קאָן נאָך אַליין נישט קריאת־שמע לייענען. טיילט מען זיי לעקעכלעך, פרעהען זיך די קינדער און בעטען זיך, אַז מען זאָל זיי דאָס נייע קינד ווייזען, וואָס איז געקומען פֿון הימעל אַראָב. דערצעהלט זיי די באָבע, אַז דאָס קינד איז נישטאָ. עס האָט זיך אין דעם גרויסען פעליץ אָנגעטאָן און איז געפֿאָהרען איבער דער מדינה אַ שידוך טון.

שיקט דער רבי אַ רייטער אָנזאָגען, אַז ער וועט אויפ'ן ברית קומען צו פֿאָהרען מיט זיין אייגענעם מוהל. ווייס רב שלמה, אַז דער רבי וויל די תנאים אָבשרייבען מיט חיימ'לען אין דעם טאָג פֿון ברית, וואָס עס איז אַ מזל'דיגער טאָג. שיקט מען אין דער גרויסער שטאָדט נאָך אַ סאַרווער און אַ מענשען צו ברוך פישער נאָך לעבעדיגע פיש אויפ'ן ברית. קומען משפּחות צו פֿאָהרען פֿון דער פֿרעמד. דער ווייבעלס מורינו'דיגע משפּחה פֿ'ן גרויס־פּוילין: דער פֿאָטער איהרער, רב שלמה גראָסגליק, מיט'ן שטייפֿען געוואַשענעם קעלנערל און מיט דעם אויסגעריבענעם פּאַלטאָ פֿון פיינעם קאַלישער קאָרט; איהר מוטער מיט די שוועסטער — מעהר פֿעטטער שוין אין דער שטוב, זייער טאָכטער האָט שוין אַ קינד געהאַט. נעמען זיי זיך צו דער סעודה, באַקען אַזעלכע גרויס־פּוילישע קיכעלעך און פּוטער־קוכענס אַ פֿולע שטוב. טענ'ען די היימישע, אַז „פּוטער־קוכענס איז גוט פֿאַר גרויס־פּוילישע, וואָס דער גרעסטער יום־טוב איז, ווען מען עסט פּוטער־קוכען און מען טרינקט קאַווע. מיר דאַרפֿען דאָס גוטע שטיקעל פיש און דאָס גוטע ביסעל ציבעלעס". בעליידיגט זיך באַלד דעם ווייבעלס משפּחה (די גרויס־פּוילישע — אַ ליאַדע וואָס, ווערען זיי באַלד ברוגז) און ענטפֿערן, אַז „ציבעלעס איז גוט פֿאַר די קליין־פּוילישע „ליטוואַקעס", וואָס עסען נאָר ציבעלעס מיט קנאָבעל". און ה' גראָסגליק, חנה'לעס פֿאָטער, געדט עפּיס אַרום אַ ברוגז'דיגער (שטענדיג איז דער „אַריסטאָקראַטישער" יוד ברוגז, ווייל ברוגז'קייט

געהער צו אַריסטאָקראַטיע). ווייל איהם רבֿ שלמה איבערבעטען און מאַכט איהם אַ שענע מתנה, אַ זילבערן טאַבאַק־שקעטעלע מיט שטיינער אויסגעזעצט, און בעט איהם איבער, ער זאָל נישט ברוגז זיין. וואָרום מען האָט נישט קיין צייט צו איהם. אַלע זענען פֿערטאָן ביים רבי'ן, וואָס איז שוין אָנגעקומען מיט זיין זוהן און כלה און שטעהט איין ביים שותף, ביי רבֿ יוסף'ן, אין דער גרעסטער שטוב פֿון שטאָדט.

די נאַכט פֿאַר'ן ברית איז מען אויף — אַ געפֿעהרליכע נאַכט, און נישט איין קינד האָט שוין דער שטן מזיק געווען אין דער נאַכט, איידער דאָס קינד ווערט אַ „יוד". און ווי עס איז באַוואוסט, פֿערשטעלט זיך דער שטן אין דער נאַכט אין אַ קאַץ אָדער אין אַ הונט צו שעדיגען דאָס קינד. זיצען אַלע אויף די נאַכט הינטער דער קינפּעטאָרינס צימער. די זילבערנע לייכטער ברענען זיך אויפ'ן טיש, און דאָס גוטע ביסעל משקה מיט דעם גוטען שטיקעל לעקעך איז אויך אָנגעגרייט, דאָס האַרץ צו דערכאַפּען. זיצט מען און מען לערנט משניות.

ר' שמעיה, דעם רבי'נס אַלטער שמש, וועלכער איז נאָך געווען אַ שמש ביים אַלטען, זכרונו לברכה, זיצט ביים איינגעהייצטען אויווען, רויכערט די ליולקע און דערצעהלט דעם אַרומיגען עולם, ווי דער אַלטער, זכרונו לברכה, האָט אַמאָל דעם שטן גוט אַדורכגעשלאָגען. עס איז אַזוי געשעהן:

„אַ יוד האָט געוואוינט ביי אַ פּריץ אויפ'ן דאָרף, האָבען זיך ביי איהם נעבּיך קיין קינדער נישט געהאַלטען. ווי עס איז איהם געבוירען געוואָרען אַ קינד, איז עס אין דער נאַכט פֿאַר'ן ברית געשטאָרבען. איז דער יוד צום רבי'ן געקומען וויינען. איז דער רבי אַליין צום יוד געפֿאָהרען פֿאַר אַ ברית — סנדק זיין. ער איז אויף אַ גאַנצע נאַכט און זאָגט אָן, אַז מען זאָל שטעקענס אָנגרייטען. אין דעם קומט אַריין אַ שוואַרצע קאַץ און לאָזט זיך צו דער קינפּעטאָרין אין בעט אַריין. דער רבי האָט זי אָבער אָבגעוואַרט, האָט ער געהייסען כאַפּען די קאַץ. איז זי אין די הענט אַריין, האָט מען די דעקע אויף דער ערד אַוועקגעלעגט און גוט דורכגעקלאַפּט מיט שטעקענס, ביז די קאַץ איז אַ צעהרג'עטע אַרויס דורך אַ שפּאַרע פֿון שטיב. צו מאָרגענס האָט

מען געהערט, אַז דער פּריץ פֿון דאָרף ליגט אַ צעקלאַפּטער אין בעט. וואָרום דאָס איז טאַקע געווען די שוואַרצע קאַץ, ווייל דער פּריץ איז געווען אַ כּשוף־מאַכער, אַ שליח פֿון שטן, האָט ער די קינדער פֿון יודישען אַרענדאַר מזיק געווען"...

אין דער קיך שטעהען די מומעס מיט די קעכינס און קאָכען דערווייל די פֿיש, פּרעגלען די גענז פֿאַר'ן מאָרגענדיגען ברית, און דער געשמאַק לויפֿט פֿון קיך אַריין אין די שטוב, וואו רב שמעי'ה דערצעהלט די מעשיות. דער סאַרווער מאַכט די טישען גרייט, שטעלט דעם בראַנפֿען און גיסט דעם וויין. אַזוי היט מען אָב אַ גאַנצע נאַכט הינטער דעם צימער פֿון דער קינ־פּעטאָרין די נאַכט, איידער דאָס קינד ווערט אַ יוד. און היטען זאָל זיך דער שטן, ער זאָל זיך איצט דאָ ניט בעווייזען אין רב שלמה'ס שטוב אין געשטאַלט פֿון אַ הונט אָדער אַ קאַץ. ער וואָלט קיין לעבעדיגער נישט אַרויס פֿון דאַנען...

———————

שוין איז דאָס ווייבעל אויף. אָנגעטאָן אין איהר שענסטען שפּיצען־קאַפּטען, מיט דעם הייבעל אויפֿ'ן קאָפּ — האַלט זי איהר ערשט־געבוירען קינד אויף דער האַנד. דער עולם הויבט זיך שוין אָן צוזאַמענצוקומען. דאָס הויז ווערט בעלעבט, און די יונגע מאַמע הויבט אָן דאָס קינד אָנצוטון צו דער מצוה. אַ קליידעל האָט זי פֿאַר איהר קינד אַליין אויסגעהעפּט דורך דער צייט, ווען זי האָט עס געטראָגען, אָנצוטון צו דער ערשטער מצוה — און הייסע טרע־רען רינען איבער איהר שען פּנים אויפֿ'ן קינד'ס קישען אַרויף. די ערשטע מצוה ביי יודען איז צער, און זי וויינט אויף איהר קינדס ליידען. נאָר אַ יודיש ווייבעל איז זי דאָך און זי ווייסט, אַז דער רבונו של עולם גיט כח די קליינע יודישע קינדער אַרי־בערצוטראָגען דעם צער, אַז ניט, וואָלטען זיי עס דאָך נישט אויס־געהאַלטען... נאָר עס איז דאָך איהר ערשט קינד — עס ווייסט נאָך גאָרנישט, און עס זאָל שוין אַזוי ליידען... וויינט זי, און די טרערען זענען וואַרימע, נאָר דאָס האַרץ איז איהר פֿול מיט פֿרייד, וואָס זי האָט די זכיה געהאַט צו דערלעבען איבערצוגעבען איהר קינד צו דער ערשטער יודישער מצוה. און זי ווייסט, אַז זי טוט אַ גרויס אומרעכט, וואָס זי וויינט. פֿרעהען, פֿרעהען דאַרף

זי זיך, און זי פֿרעגט זיך טאַקע, און דאָס גאַנצע פּנים איהרס לייכט פֿון פֿרייד. נאָר די טרערען רינען דאָך פֿון די אויגען איבער׳ן פּנים אויפֿ׳ן קינדס קישעלע.

קומט אַריין רבֿ שלמה, און זיין גאַנץ פּנים שמייכלט פֿאַר גדולה. און אָנגעטאָן איז ער צום ערשטען מאָל אין דער אַטלעסענער קאַפּאָטע און אַ גרויס שטריימעל — דעם רבי׳נס מחותן... און זיין שען פּנים מיט זיין שוואַרצער באָרד לייכטען אַרויס פֿון שטריימעל. זאָגט ער צו איהר: „חנה׳לע, דו וויינסט? פֿרעגען דאַרפֿסטו זיך, וואָס דער רבונו של עולם האָט דיך צו דעם מזכה געווען". זאָגט זי: „איך וויים, שלמה, איך בין אַ נאַרישע יודינע און איך קאָן זיך נאָך, חלילה, פֿערזינדיגען פֿאַר׳ן רבונו של עולם. וואָס זאָל איך טון? איך קאָן זיך דאָך נישט איינהאַלטען — אַזאַ שוואַלב, אַזאַ טייבעלע, און שוין אַזוי פֿיעל צער". ענטפֿערט רבֿ שלמה: „פֿאַר דעם זענען מיר יודען. עס שטעהט: „בדמיך חיי", דאָס איז טייטש — אין דיין בלוט זאָלסטו לעבען. און פֿרעגעסטו זיך ניט, וואָס דיין קינד איז אַ יוד?" זאָגט זי: „איך פֿרעגע זיך, שלמה, איך פֿרעגע זיך זעהר". און זי שמייכלט מיט חן פֿון אונטער איהרע טרערען אַרויס.

נעמט רבֿ שלמה אַרויס אַ שנור פּעריל און גיט איהר אַ מתנה. „נאַ, — זאָגט ער, — איך האָב עס בעהאַלטען פֿאַר דיר, אַז דו וועסט די זכיה האָבען דיין קינד צו דער ערשטער מצוה איבערצוגעבען, טו עס אָן און טראָג עס געזונטערהייד".

נעמט זי די שנור פּעריל און טוט עס אָן אויף איהר שענעם אַלבאַסטער=האַלז. פּאַסט עס איהר, ווי אַ מלכה אַ קרוין. שמייכלט זי ווייטער, און די טרערען גיסען זיך, און זי זאָגט: „איך דאַנק דיר, שלמה, און דאַנק דיר פֿאַר אַלעס". און אַ נייער שטראָם טרערען גיסט זיך איהר פֿון די אויגען, אָבער דאָס זענען שוין נישט טרערען פֿון צער, נאָר פֿון גרויסער, גרויסער פֿרייד...

נעמט שוין די „קוואַטער" דאָס קינד. מיט קוואַטערשאַפֿט האָט מען מכבד געווען דאָס נייע חתן=כלה=פּאָר, חיימ׳ל מיט דעם רבי׳נס איינִיקעל. גיט זי אַרויס דאָס קינד פֿון די הענד, ווערט איהר ווידער באַנג. נאָר דערינען זיצט שוין דער רבי אין טלית אויף דעם גרויסען פֿאָטער=שטול. און עס שטעהען אַרום

רבנים און „גוטע יודען", און אַ רבֿ איז דער מוהל, און איהר שלמה איז הערבײ. דערמאָנט זי זיך, אין װעמעס הענד איהר קינד איז, װערט זי רוהיגער, נאָר איהר האַרץ שלאָגט. באַלד הערט זיך פֿון דאָרט דעם קינדס שרײען, רײסט איהר מוטער־האַרץ אויף. זי װיל אַראָב פֿון בעט — דערמאָנט זי זיך, אַז איהר קינד װערט איצט אַ יוד, געהט אַרײן אין בונד יודישקײט, און אַזוי װעט זײן קול זײן, אַז ער װעט די הײליגע תורה לערנען — שלינגט זי די טרערען...

ברענגט מען איהר באַלד דאָס קינד אַרײן, װײל עס אַן אַנ־דער יודינע אײנשטילען, לאָזט זי נישט. רינען איהר די טרע־רען פֿון די שײנע אויגען אויף די ברוסטען אַרויף. זויגט איהר קינד די מילך מיט איהרע טרערען. װײזט זיך דער רבֿ אין טיר און זאָגט איהר „מזל טובֿ". קומט רב שלמה אַרײן און קוקט איהר מיט ליעבע אין די אויגען אַרײן און זאָגט איהר: „חנה׳לע, מיר זאָלען דערלעבען נחת פֿון אונזער קינד". איז עס איהר אַ בעצאָהלונג פֿאַר אַלע טרערען, װאָס זי האָט פֿערגאָסען.

הערט זי אין מיטען דערינען אַ שײן געזאַנג. דאָס זינגט דער חזן מיט די משוררים — און אַ פֿולע הויז מיט יודען. די טעלער קלאַפּען, דער װײן גיסט זיך אין בעכער, און עס הערט זיך אין מיטען דערינען דער קול התורה. יודען שפּאַרען זיך און לערנען, און װײבער זיצען אַרום חנה׳לען און האָבען דרך ארץ. נאָר יעדעס מאָל קומט אַרײן צו איהר רב שלמה, דאָס שטרײמעל פֿעררוקט אָן אַ זײט, און די אויגען גלאַנצען איהם פֿאַר נחת און פֿון דעם ביסעל װײן, װאָס ער האָט געטרונקען. און ער בערוהיגט חנה׳לען און טרײסט איהר, זי זאָל נישט װײנען. און די װײבער זעהען, װי רב שלמה האָט ליעב זײן װײבעל, זענען זײ איהר מקנא...

---

אויף דער נאַכט האָט מען װידער די טישען געגרײט צו די תנאים פֿון חײמ׳ל מיט׳ן רבי׳נס אײניקעל. דער רבי זיצט אויבען, און אַרום איהם די רבנים פֿון דער געגענד אַרום, — װאָס זענען געקומען צו רב שלמה׳ן אויפ׳ן ברית און דעם רבי׳ן זעהן, די פּני פֿון שטאָדט — די שענסטע יודען. און חײמ׳ל אין שטרײ־

מעלע מיט דער אַטלעסענער קאַפּאָטע זיצט מיט זיין רבי׳ן — מיט רב שמואל דיין. צום ערשטען מאָל, זינט נאָך דער „מעשׂה״, ווי מען האָט איהם געכאַפּט... שבת אין שול, ווייזט זיך דער יוד צווישען יודען. נישט געוואָלט האָט ער קומען צום טיש, נאָר דער רבי אַליין האָט געשיקט נאָך איהם, מקרב געווען איהם און גערעדט מיט איהם ביחידות. און צו רב שלמה׳ן האָט דער רבי געזאָגט בפני קהל ועדה: „דערפאַר, וואָס דו האָסט אויף דעם יודען רחמנות געהאַט און איהם אַריינגענומען צו דיר אין שטוב אַריין און נישט דוחה געווען אַ יודישע נשמה — האָט דער רבונו של עולם געהאָלפען, און דו האָסט אַ קינד אַ בן תורה״. געמיינט האָט ער חיימ׳לען.

זיצט דער חתן נעבען רב און הינטער איהם זיין רבי, און דער עולם אַרום, און חיימ׳ל מאַכט זיך גרייט זאָגען אַ דרשה פאַר די תנאים.

עס זיצען די שטריימלעך אַרום טיש און האָרכען אויס דאָס פשט׳ל, וואָס חיימ׳ל זאָגט פאַר זיי. ער ציהט אָן גמרות, רמב״ם, ראשונים און אַחרונים, וואַרפט אָן „קשיות״ אַ גאַנצען באַרג און מיט איין מאַך, מיט איין תירוץ פערענטפערט ער אַלץ, וואַרפט אַראָפּ דעם גאַנצען טורעם, וואָס ער האָט אויפגעבויט. עס פרובט איהם צו כאַפּען אַ „שטריימעל״, אַ רב׳ל, און וואַרפט איהם אונטער אַ קשיא. אָבער דאָס יונגעל לאָזט זיך נישט, שפּאַרט זיך מיט די יודען מיט די גרויע בערד, ברענגט ראיות פון רש״י, פון תוספות און ווייזט זיינע בקיאות. די יודען קוקען דעם יונגעל אין מויל אַריין און האָבען הנאה פון איהם. דער רבי אַליין האָט איהם שוין איינינע מאָל אין בעקעל געקניפּט און געזאָגט: „אָוואַ״. און עס זיצט רב שלמה אין אַ ווינקעל און קוקט זיך צו. פערגעסען האָט ער איצט אָן אַלע געשעפטען. ער זעהט נאָר דאָס יונגעל, און דעם רבונו של עולמ׳ס האַנד — ווי דער רבונו של עולם פיהרט עס זיין וועלט. איהם האָט גאָט נישט מזכה געווען מיט דעם, ער קאָן זיך נישט אַריינמישען דאָ און אַריינרעדען צווישען די יודען מיט די גרויע בערד — אַ סך ענינים פערשטעהט ער נישט און ווייסט דעם פשט נישט, נאָר זיין קינד, זיין חיימ׳ל... ער זעהט, ווי דער רבונו של עולם שענקט איהם ווידער צוריק דעם

„אור תורה“: גאָט צינדט ווידער אָן זיין הייליג ליכט אין זיין משפחה. מיט זיין זוהן, מיט חיימ׳לען, וועט זיך אָנהויבען אַ נייער דור. און עס שטעהען=אויף פאַר זיינע אויגען די גרויסע זיידעס זיינע, די גרויסע יודען די רבנים — דער „אור החיים“, דער „נודע ביהודה“ און די גרויסע רבנים פון דער שטאָדט שערעץ. און חיימ׳ל וועט ווידער ציהען דעם שנור, וואָס איז געוואָרען איבערגעריסען. און פאַרוואָס קומט דאָס איהם? פאַרוואָס האָט דאָס איהם דער רבונו של עולם אויסגעקליבען, אַז ער זאָל די זכיה האָבען צו דערלעבען „תורה וגדולה במקום אחד“ — און פאַרוואָס ניט קיין אַנדער יוד? און ער דערמאָנט זיך אָן דוד המלך, וואָס ער האָט געזונגען פאַר׳ן רבונו של עולם, ווען גאָט האָט איהם אויסגעקליבען פאַר אַ מלך איבער זיין פאָלק, און הייסע טרערען פאַלען איהם פון די אויגען אין זיין שוואַרצער באָרד אַריין.

———————

אין דער צווייטער שטוב, ביי חנה׳לען, זענען די ווייבער פערזאַמעלט. די אַלטע רבי׳צין האָט שוין נישט געלעבט. זיצט דער כלה׳ס מוטער מיט דער כלה פון אויבען=אָן, און רעכטס נעבען זיי די מחותנת׳טע, חנה׳לע. זי האָט זיך „איינגעשטעלט דאָס לעבען“ און איז אַרויסגעגאַנגען פון בעט. זי האָט געזאָגט, אַז די שמחה פון דעם פרעמדען קינד איז ביי איהר טייערער פון איהר אייגען קינד, האָט זי זיך אָנגעטאָן און זיך אַוועקגעזעצט מיט דער כלה און די כלה זעהר מקרב געווען און גערעדט מיט איהר. אַרום זיי זענען געזעסען די שענסטע בעל=הבית׳טעס פון דער שטאָדט — די יודישע מאַמעס. די בריליאַנטען האָבען זיך געבלישטשעט אין דער שיין פונ׳ם ליכט. עס האָבען געוואָרפען זייער איידעלן גלאַנץ די פעריל אויף די ווייסע העלזער פון די יודישע טעכטער, און דער זייד און סאַמעט האָט געבלישטשעט. געאיידעלט זענען יודישע טעכטער און געוועהנט זענען זיי פון דער=היים צו טראָגען דעם איידעלן שטאָלץ פון זייד. אַזוי זיצען די ווייבער אַרום דער שענער כלה. און פון דעם צווייטען שטוב הערט זיך דעם חתנ׳ס קול, חיימ׳לס קול התורה, ווי ער זאָגט די דרשה פאַר די תנאים פאַר די אַלטע יודען מיט די ווייסע בערד, און דער אַלטער סופר מיט דער גרויער באָרד און ברילען זיצט ביי אַ גרויסען פאַרמעט פאַר

צוויי זילבערנע בעלייכטענדע לייכטער און שרייבט די תנאים צווישען דעם גאָסטינינער רבי און רב שלמה נגיד.

דערנאָך, אַז דער רבי און רב שלמה האָבען אונטערגעשריבען די תנאים, איז רב שלמה פערשוואונדען געוואָרען אין זיין חדר מיוחד, זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעל און מיט טרערען אין די אויגען דעם רבונו של עולם געדאַנקט פאַר דעם גרויסען חסד, וואָס ער טוט מיט איהם, וואָס ער האָט צוריקגעגעבען זיין משפחה דעם אור התורה. און געדאַנקט האָט ער דעם רבונו של עולם פאַר אַלץ, פאַר אַלץ, און ער האָט געזאָגט זיין קאַפּיטעל תהלים — יעדער יוד האָט זיין קאַפּיטעל תהלים, וועלכעס ער זאָגט, ווען ער איז אין דער גרעסטער נויט און אין דער גרעסטער שמחה. נאָר וועלכען קאַפּיטעל תהלים רב שלמה האָט געזאָגט, וועל איך נישט דערצעהלען, ווייל דאָס איז רב שלמה'ס סוד.